


# חינקע פינקע

אדער

## גבריאל דער מאלער



פון
יוסף לאטיינער.



יודישע
טהעאטער-ביבליאטעק
№. 2.

ווארשא 1907

# נייע ערשינענע ביכער אין רוסלאנד און אין אויסלאנד

דער הויפט־פערקויף פון וועלכע, איז אונז איבערגעגעבען:

| | | |
|---|---|---|
| אין דער סטעפע און זעקס און צוואנציג און איינע | מ. גארקי | 12 ק |
| שקלאפען דער ליעבע און אנדערע ערצעהלונגען | קנוט האמסון | 20 " |
| שטיצען דער געזעלשאפט דראמא | ה. איבסען | 20 " |
| דער בער" און "דער שידוך" 2 קאמעדיעס | אנטאן טשעכאוו | 15 " |
| דער רויטע וואסקע | מ. גארקי | 10 " |
| די בלינדע" און אונגעבעטענער גאסט | מ. מעטערלינג | 10 " |
| די הערן פון לעבען און די שטונדען | מ. גארקי | 10 " |
| מאלווא ערצעהלונג | מ. גארקי | 20 " |
| אמעריקא | מ. גארקי | 30 " |
| זכרונות | י. אדלער | 30 " |
| אין טומאן ערצעהלונג | אנדרעיעוו | 20 " |
| פאלקס פיינד שוישפיעל אין 5 אקטען | ה. איבסען | 36 " |
| קאנאוואלאוו | מ. גארקי | 20 " |
| דער בראדיאגא | מ. גארקי | 12 " |
| דער מענש און זיין נשמה | ד"ר אינגערמאן | 6 " |
| א קינד פון דער גהעטא און "יוסף דער טרוימער" | | 40 " |
| אוריאל אקאסטא | י. זאנגוויל | 30 " |
| די 8 אבטיילונג אין גהנום און אנדערע ערצעהלונגען | י. ל. פרץ | 40 " |
| די פרוי'ס האנדבוך | ד"ר הענרי אלבוטט | 25 " |
| הונגער ראמאן | קנוט האמסון | 1,00 |
| אויסגעוועהלטע ווערק | וויליאם שעקספיר | 1,60 |
| ווייבער פאעמע | מאיר בלינקין | 16 " |
| ווען מיר טויטע ערוואכען דראמא | ה. איבסען | |
| דער ליגען פון דער חתונה | מ. נארדוי | 12 " |
| א געזאנג פון תפיסה | אסקאר ווילדע | 20 " |

און נאך פיעל אנדערע

Latteiner
Hinke Pinke

# חינקע פינקע

אָדער

## גבריאל דער מאַלער

מעלאָדראַמא אין 4 אקטען 9 בילדער

פון יוסף לאַטיינער



ХИНКЕ ПИНКЕ

или ХУДОЖНИКЪ ГАБРІЕЛЬ

оперетка въ 4 актахъ и 9 картинахъ.

Варшава, 1907.

Тип. Н. Старовольскаго, Гусья 18.

# די פּערזאָנען:

הערצאָג.

ד״ר אַבְרָהָם: זיין לייבאַרצט

אַדְרִיַאן: האָפמייסטער

גַבְרִיאֵל: מאַלער

דִינָה: זיינע פרוי

פִּינְקֶע: זיין אָנקעל

הִינְקֶע: זיינע טאַנטע

פְּרִיץ: דער געשייטער

פַּאוְש.

רִיכְטֶער.

הענקער.

יענער, בויערן, יורען סאָלדאַטען.

## ערשטער אקט.

(אַ גאָרטען, הערען אונד דאַמען צור יאַגד געריכטעט. רעכטס איינגאַנג צום הערצאָג׳ס שלאָס).

**יעגער-כאר:** צו דעֶר יאַגד מאַרשירעֶן וויר,
פאָל מיט פרייד אין יעֶדעֶר ברוסט.
אָה, עֶס גיבט מעֶהר קיין פּלעֶזיר,
דאָס פערשאַפט אונס אַללעֶ זאָ פיעל לוסט. (בּיס)
אַללעֶ געֶהט, אַללע געֶהט, אַללע געֶהט, יאַ!
געֶהט, אַללעֶ געֶהט! (אויפטריט פאוש).

**פאוש:** מיינעֶ העֶרשאַפטעֶן, אונזעֶר גנעֶדיגעֶר העֶרצאָג מוס צו זיינעם בעֶדויערעֶן די יאַגד פיר הייטעֶ אַבזאַגעֶן, חייל עֶר פיהלט זיך אונוואָהל... יאַ עֶר לעֶסט פראַגעֶן, אָב דעֶר ד״ר אברהם זיין לייבאַרצט איז נאָך ניכט געֶקאָממעֶן (קוקט אַרוים) אָה, דאַ קאָמט עֶר גראַדעֶ! (אויפטריט ד״ר אברהם).

**אברהם:** זייט געֶגריסט מיינע העֶרשאַפטעֶן, ווי געֶהט׳ס אונזעֶר גנעֶדיגעֶן העֶרצאָג?

**פאוש:** עֶר האָט עֶבען נאָך איהנעֶן געֶפראַגט, העֶרר ד״ר, וואָלט איהר אייך גיטיגס בעֶמיהעֶן? (דאָקטאָר אַב).

**פריץ:** מיינע העֶרשאַפטעֶן וואָלט איהר מיינעֶ מיינונג העֶרעֶן?

**פאוש:** רוהיג! פריץ האָט איינעֶ מיינונג. נון וואָס האָסטו זאַגעֶן וואָלעֶן?

**פריץ:** איך האַבעֶ אייך, נור זאַגעֶן וואָלעֶן דאָס איך בין דעֶר געֶשייטעֶר פריץ הי, הי, הי...

**פאוש:** דאָס איז איינעֶ גייסטרייכעֶ מיינונג...

**פריץ:** יאַ, איך האַב עֶס דורך איינעֶן צופאַלל עֶרפאַהרעֶן.

**אַללעֶ:** נון?!

**פריץ:** שפּאַס בײַ זײַטע, איך ווײס וואַס דעם הערצאָג פּעהלט־

**אללע:** דו??

**פריץ:** דער פירסט איזט פּערליעבט, הי, הי, הי,...

**אללע:** פערליעבט??

**פאזש:** אונד ווער איזט דער געגענשטאַנד זײַנער ליעבע?

**פריץ:** עס איזט איין געהײמניס.

**אללע:** נון, ווער איז עס?

**פריץ:** איך ווײס אויך ניכט, הי, הי, הי... (אויפּטרים אדריאַן).

**אדריאן:** זײַט געגריסט מײַנע הערשאַפטען. איך מוס דען פירסטען זעהען.

**פאזש:** אונמעגליך, ד"ר אברהם איז יעצט בײַ איהם אונד ער וויל אונגעשטערט בלײַבען.

**אדריאן:** אימממער נור דער ד"ר אברהם, אימטער נור דיזער יודע.

**פאזש:** מעסיג דיעזען אויסדריק, אַדריאַן, דוא ווײַסט עס דאָך גוט וויא מיר אַללע, דאַס דיזען יודען האַט דער הערצאָג זײַן לעבען צו פערדאַנקען אונד אוים דאַנקבאַרקײַט האַט איהם דער הערצאָג צו זײַנעם לײַבאַרצט ערהאָבען.

**אדריאן:** אָבער ער איזט ניכט נור זײַן אַרצט, דער יודע נימט זיך אויך דאַס רעכט זײַן לעהרער צו זײַן, זאָלכע פרעכהײַט פאָן אײַנעם יודען. אונד מיט וועלכען רעכט?

**פאזש:** ווען עס דען הערצאָג זאָ געפעלט וואַס געהט עס דיך אַן.

**אדריאן:** צום טײַפעל מיט דיעזען יודען!

**פאזש:** דאַ קאָמט ער.

**אדריאן:** פאַסט אויף מײַנע הערשאַפטען, איך וויל מיך הײַטע איבער דיעזען יודישען פלאַסטער־שמירער איין ביסכען לוסטיג מאַכען איך וויל אײַך געבען שטאָף צום לאַכען.

**פריץ:** איך לאַך שאָן, הי, הי, הי... (אויפּטריט אברהם).

**אדריאן:** גוטען מאָרגען, הער ד"ר! (קוקט איהם אן)

**אברהם:** וואַרום זעהען זי מיך זאָ נײַגעריג אַן?

**אדריאן:** איך רעכנע נאָך, וויעפיעל איהר שנײַדער בײַ איה־נען אין אײַנעם יאַהרע פּערדינט (לאַכט) חאַ, חאַ, חאַ...

**אברהם:** איך וויל איהנען אַנטוואָרטען מײַן הערר, דען מענשען

נאָך זײַנע קלײדונג צו שעמצען איזט עבען זאָ דום, וויא דאס ווערטה אײנעם בוכעם נאָך זײַנעם אײנבונד צו שעמ־צען, זי פינדען אין מאנכער ביבליאָטהעק דאס וויכטיג־סטע ווערק אין אײנפאַכער לײנוואַנד געבונדען, וועהרענד אײן אַנדערעס פאַלל אונזין אונד דומהײטען, אין סאַמעט אונד גאָלד געבונדען איזט. (אַלע לאַכען)

פריץ: הי, הי, הי, אַדריאַן, האָסט דיך בענאַרישט!

אדריאַן: זי ד״ר, וויא עס שײַנט, קענען זיא מיך ניכט, אַדריאַן איזט מײַן נאַמען, מײַן פאַטער וואַר גענעראַל, מײַן גראָס־פאַטער מיניסטער.

אברהם: אונד זיא זעלבסט, ווען איך פראַגען דאַרף?

אדריאַן: איך? איך שטאַממע פאָן זאָלכער נאָבלער פאַמיליע, האַבע איך דען קײנע אורזאַכע שטאָלץ צו זײַן?

אברהם: עס איז גראַדע וויא אײן בלינדער שטאָלצירט, דאס זײַנע עלטערען גוטע אויגען האַטטען.

פריץ: הי, הי, הי,... אַדריאַן, איך שעמע מיך! (אַללע לאַכען)

אדריאַן: פערפלוכטער פלאַסטער־שמירער! (אב)

פריץ: יעצט וויל איך פראָבירען. העָרר ד״ר! איך האַבע דיא עהרע מיך פאָרצושטעלען: איך בין דער געשײַטער פריץ.

אברהם: דאס ערקענט מאַן גלײַך.

פריץ: העָרר ד״ר! איהר זײַט דער אַנפערטרויטער דעס הער צאָג׳ס?

אברהם: נון?

פריץ: האָט ער אײַך אײַן געהײמניס אַנפערטרויט?

אברהם: פיללײַכט.

פריץ: זאָ עטוואַס וויא פאָן ליעבע?

אברהם: אַלזאָ וואָס ווילסט דוא?

פריץ: זאָגט אויך מיר דיזעס געהײמניס, איך בין, וויא מען זאָגט, דער געשײַטער פריץ.

אברהם: אונד דוא פערלאַנגסט, דאס איך זאָלל דעם העָר־צאָגס געהײמניס דיר ענטדעקען.

פריץ: איך וועל עס ניעמאַנדען זאַגען.

אברהם: קאָנסטו אויך אײַן געהײמניס האַלטען?

פריץ: יאָ יאָ! איך קאָן האַלטען אײַן געהײמניס.

אברהם: איך אויך! (אלע לאַכען)

פריץ: הי, הי, הי... אַ ד ר י אַ ן, עס איז אומזאָנסט אונזערע מיהע, ער איז געשײַטער אַלס וויר בײַדע.

פּאזש: זײַנע האָהײַט דער הערצאָג! (אויפטריט הערצאָג)

הערצאָג: מײַנע הערשאַפטען! ענשולדיגט מיר פיר איינע ווײַלע, לאַסט מיך אלײן מיט דעם ד״ר אַברהם. (אללע אב מיט געזאַנג צו דער יאַגד א. ז. וו.) נו ד״ר, יעצט וויל איך מיך איהנען גאַנץ אַנפערטרויען, יאַ זיא האַבען מײַנע קראַנקהײַט ערראַטהען.

אברהם: נו אַבער איז עס מײַנע פפליכט איהנען די פאָללע וואַרהײַט צו זאַגען. האָהײַט! דעם פײַנדע געגענאיבער זײַט איהר אײַן העלד, אָבער וויא שוואַך לײַדער, דען פרויענצימער געגענאיבער. זיהט! איהרע הענדע ציטערן, זיי זינד נערוועז. אָה, שאָנט אײַער געזונד הערר! שאָנט אײַער לעבען!

הערצאָג: ביז יעצט האַבע איך נור וויא אין אײנעם טרוימע געלעבט וויא אין אײנעם רוישע, יעצט ערסט ליעבע איך אויף ריכטיג אונד וואַהר, אײנע זאַלכע גלוטה וויא איך פיהלע יעטצט קאַן מאַן נור אײנמאַהל אים לעבען עמפפינדען, ד״ר! איך ביטע אום איהרע הילפע!

אברהם: מײַן הערצאָג, צו זאָלכער קראַנקהײַט קען קײַן ד״ר העלפען.

הערצאָג: אַבער וואָללען זיא מיר אַלס פרײַנד בײַשטעהן?

אברהם: מיט אַללעם וואָס אין מײַנער מאַכט איזט.

הערצאָג: זאָ הערען זי! אונלענגסט, וויא מײַן נאַמענסטאַג וואַר האַבע איך אויף דעם פּאַראַד, אוים דער פערנע אײנע געשטאַלט ערבליקט.

אברהם: אײנע פרויען=געשטאַלט נאַטירליך?

הערצאָג: נײַן, אײַן ענגעלס=געשטאַלט. וויא די שטראַהלען דער זאָננע אללע שטערנע פערדונקעלן, זאָ האָט זיא מיט איהר שענהײַט אללע אַנדערן אין שאַטען געשטעלט, אײַן הימלישעם ווײַב, וואָס איך נאָך קײַן צווייטעס געזעהן האַבע, מיט אײנען וואָרט ד״ר, מײַן האַלבעס לעבען געבע איך גערנע פיר איהרען בעזיץ.

**אברהם:** ווער איזט דיעזע דאַמע?

**הערצאג:** דאַס איזט עבען די פראַגע, וועלכער איך ניכט אַנטוואָרטען קאַן. ווי אַ איין מעטעאָר איז זיא ערשינענען אונד האָט אין מיינעם הערצען איינע פלאַמע צוריק געלאַססען דיא מיר קערפער אונד זעעלע פערצעהרט.

**אברהם:** וואָמיט קאַן איך דען אין דיעזער אַנגעלעגענהייט איהנען בעהילפליג זיין?

**הערצאג:** ד"ר, אוים פערשיערענע קוועלען האַבע איך ער־פאַהרען, דאַס זיא דיעזע דאַמע קענען.

**אברהם:** (ציטערט) האָהייט! איך פערזיכערע זיא דאַס איך וויים ניכט פאָן וועם דיא רעדע איזט.

**הערצאג:** ד"ר, זיא וואָללען עס פאָר מיר פערבערגען? יאַ, איך ערקענע עס אַן איהנען, לייקנען זיא עס ניכט ד"ר, איך וויל דיא וואַרהייט הערען!

**אברהם:** ניכט נור איינמאָהל האָבען זיא מיינען פריינדליכען ראַטה בעפאָלגט אונד האַבען מיר דאַן געדאַנקט, אָה! טהו־ען זיא מיר עס אויך דיעזעס מאָהל.

**הערצאג:** אונד וואַס איזט איהר ראַטה?

**אברהם:** דאַס זיא דיעזע נייע ליעבעס־פלאַמע, געוואַלטזאַם ערשטיקען זאָללען, גלויבען זיא מיר האָהייט, דאַס חאַס איהנען הייטע אַלס דאַס העכסטע ערשיינט וויrd איהנען מאָרגען גלייכגילטיג ווערדען.

**הערצאג:** אַנטוואָרט אויף מיינע פראַגען וויל איך! קענען זיא דיעזע דאַמע?

**אברהם:** איך קאַן עס איהנען ניכט זאַגען.

**הערצאג:** דאַס הייסט זיא וואָללען ניכט (אויפטריט פאַזש).

**פאַזש:** ענטשולדיגט מיין הערצאָג, אַדריאַן ווינשט איהנען עטוואַס וויכטיגעס מיטצוטהיילען.

**הערצאג:** לאַס ער זאָפאָרט קאָממען (פאַזש אַב, אויפטריט אַדריאַן).

**הערצאג:** אדריאַן! אין דיינען אויגען ערקענע איך דאַס דוא מיר עטוואַס פריידיגעס מיטצוטהיילען האַסט.

**אדריאַן:** יאָ איזט עס מיין הערצאָג, נאָך לאַנגער שווערער מיהע איזט עס מיר ענדליך געלונגען איהרע שפור צו ענטדעקען.

הערצאג : שפריכסט דו פאָן יענעם ענגעל ?
אדריאן : יא, פאָן יענער געוויססען שענהייט, וועלכע מיין הערצאָג מיר בעפאָהלען האט אויסצופינדען.
אברהם : (אפארט) וואס זאגט ער? גאָטט, שטעה מיר ביי!
אדריאן : ניכט נור דאס אליין, זאָנדערן איך בין אויך זיכער דאס ענדליך ווירד אויך איהר הייסעסטער וואונש אין ערפיהלונג געהן, עס ווירד ניכט פיעל מיהע קאָסטען און זיא איזט איהרע.
אברהם : דוא ביסט איין ליגנער!
הערצאג : דאָקטאָר!
אברהם : (אפארט) יעצט דארף איך די ווארהייט ניכט מעהר פערבערגען (ווענדעט זיך צום הערצאג) יא מיין הערצאָג, איך קעננע זיא!
הערצאג : יא איך ווייס עס, ווארום האבען זיא עס פאָן מיר פערלייגנעט?
אברהם : אום זיא אין איהרער ליידענשאפט צו ענטמוטהיגען.
הערצאג : ליידענשאפט? ליידענשאפט נענען זיא עס וואן זיא זעהן דאס איך דאריבער צו גרונדע געהע, דאס איך, זיא ביז צום וואהנזין ליעבע?!
אברהם : אונמעגליך!
הערצאג : ווארום?
אברהם : ווייל זיא איינע יודין איזט.
הערצאג : מאג זי אויך זיין ווער זיא איזט! וואס פראגט דיא ליעבע נאך רעלגיאָן אונד שטאנד, איך ליעבע זיא אונד וויל זיא בעזיצען.
אברהם : (ווענדעט זיך צו אדריאן) נון, ווארום שווייגסט דו? ווארום ענטדעקסט דו ניכט אונזערן העררן דיא פאָללע ווארהייט?
הערצאג : וואס נאך דען זאָל איך ערפאהרען?
אברהם : דאס זיא שאָן איינע פערהייראטעטע פרוי איזט.
הערצאג : פערהייראטעט? איזט עס וואר אדריאן? איזט שאָן איין אנדערער מיר צו פאָרגעקאָמען?
אדריאן : מיין הערצאָג זי איזט שאָן פערהייראטעט, אבער ווא-רום גנעדיגער הערצאָג, דען מוטה צו פערלירען פערהיי-

ראַטעט! נון וואַס שאַדט עס? אים געגענטהייל איין פערבאָטענע פרוכט שמעקט זיסער. . .

**אברהם:** ביים עוויגען הימעל, מיין הערצאָג! הערען זיא ניכט דיזען סאַטאַן, עס איזט דיא פפליכט איינעם הערשערס פאָן אונרעכט צו שיצען, ניכט אַבער זעלבסט אונרעכט צו בעגעהען!

**אדריאן:** אונרעכט? חאַ, חאַ, חאַ, זאָל עס איינעם הערצאָג ניכט ערלויבט זיין פאָן פרעמדען בינשטאָק האָניג צו לעקען?

**אברהם:** שורקע!

**הערצאג:** וואַס וואַגען זיא ד"ר?!

**אברהם:** מיין לעבען פיר דיא וואַרהייט, וויא קענט איהר פאָן איהם זאָלכע שאַמלאָזע וואָרטע הערען אונד איהם נאָך וויעדער דולדען אין איהרער נאָהע?

**חערצאג:** הערען זיא מיין ליבער ד"ר, עס איזט וואַהר דאָס אוים דאַנקבאַרקייט אַן איהרע קונסט האַבע איך זיא צו מיינעם לייבאַרצט ערהאָבען, אַבער מיין מאָראַל-פרעדיגער דאַס זינד זיא ניכט. אָה! איך האַבע גענוג נעשמאַכטעט, געליטען, איך קאַן ניכט לענגער, איך מוס זיא בעזיצען אום יעדען פרייז.

**אדריאן:** מוטה מיין הערצאָג! זיא איזט שאָן זאָ גוט ווי איהרע, איהר מאַנן איזט איין אונבעדייטענדער מאַהלער, איין אַרמער מאַהלער, זיא ווירד איהם גערנע פיר איינען הערצאָג אויסטוישען.

**אברהם:** אונד איך גאַראַנטירע מיט מיינען גרויען קאָפף דאַס זיא איהרען מאַנן ניכט אויסטוישען ווירד, זאָגאַר פיר איינע קייזער-קראָנע!

**הערצאג:** ד"ר, וואַרום רעדען זיא פאָן איהר מיט זאָלכער זיכערהייט.

**אברהם:** ווייל איך זיא זאָ גוט קענע אַלס זיא ווערע מיין איינענעס קינד. הערט מיך מיין הערצאָג, אונ וויים פאָן היער, אין איינעם דאָרפע איז דיא הײמאַטה דיזעס זעלטענען פּאַארעס, גבריאל און דינה'לע. בעקאַנט זינד זיא אין דער גאַנצען געגענד אַלס דיא אַרמסטען אַבער אויך אַלס

דִיא גליקליכּסטען, איהרע וואָהנונג איזט איינע אַרמע היטטע, אַבער דיזע היטטע איזט איהר פּאַראַדיעז, דאָרט האבען זיא דען הימטעל אויף דער ערדע, דאָרט הערשט פריעדען, דאָרט פינדעט מאַן טרייע, ליעבע.

**אדריאן:** טרייע, ליעבע, חאַ, חאַ, חאַ, ניעמאַנד איזט זאָ איין פּרויענקענער ווי איך, איך זאַגע:— ביי דען פרויען גיבט'ס קיינע ליעבע.

**אברהם:** נור ביי דיעזען פּרויען דיא דו א קענסט.

**אדריאן:** זאָ וויל איך יעצט דאַס בעווייזען מיט דיעזער דנה'לע און מיט דיעזעם טרייען ווייבכען, מיין הערצאָג! איך איבערנעהמע עס, זי איהרעם ווילען צו צופיהרען.

**הערצאָג:** אונד דוא ערהאַלסט דאַדורך דאַס גרעסטע אַמט אין מיינעם לאַנדע.

**אברהם:** אונד איך שווערע! ער ווירד עס ניכט ערלעבען, אָה, מיין הערצאָג! איהר זייט מעכטיג איהר קענט דיעזעס גליקליכעס פּאַאַר אונגליקליך מאַכען, עס איזט אַללעס וואַס איהר טהון קענט. דאָך זיא איהרע ווירד ניעמאַלס, ניע-מאַלס, ניעמאַלס זיין!

**הערצאַג:** ד"ר! זיא זינד ענטלאַססען, אדיע! (אב)

**אדריאן:** אַדיע! האַט איהנען דער גנעדיגער הערצאָג גע-זאַגט, אַדיע! (אב)

**אברהם:** דוא טריאומפּירסט שאָן? איך זאַגע דיר דוא טרי-אומפּירסט נאָך צו פריה, ווער צום לעצטען לאַכט, דער לאַכט אַמבעסטען . . . (אב. אויפּטריט הערצאג און אדריאן)

**אדריאן:** איזט מיין גנעדיגער הערצאָג נאָך זאָ אויפגערעגט? פילייכט ווירד איהנען די יאַגד צערשטרייען? אויסער דעם פאַסירען וויר יענע געגענד, אונד זיא קענען זיא זעהן ווען זיא האַלטען.

**הערצאַג:** אויב איך וויל? איך פערגעהע פאַסט פאַר זעהנ-זוכט.

**אדריאן:** אַלזאָ הייטע?

**הערצאַג:** שאָן יעצט! לאַס אַללעס זיך בערייט האַלטען ביז איך פערטיג בין (אב).

**אדריאן:** נון יאדישער פלאַסטער-שמירער, יעצט בין איך אַם

פפערדע, קאָממט אַללע הער, אַללע הער! (אויפטריט יעגער)

באר: אַללע נון אין טאַקט מאַרשירען,

זעהט דאָס פּאַר ניכט פערלירען,

נון אַללעס שנעלל פאָן זיך געפּאַקט,

דען אַללע געהן וויר צור יאַגד.

פאזש: איין גרוסס, איין פריינדליכען גרוסס! איך גיעב.

באר: יאַ האָך! יאַ האָך! יאַ האָך! דער הערצאָג לעב.

פאזש: פאַר איך, פאַר איך, נור גוטעס טהון, איך שטרעב.

באר: יאַ האָך! יאַ האָך! יאַ האָך! דער הערצאָג לעב.

פאזש: איך קעננע גוט אַללע הערצאָגס פריינד.

באר: ער, קענט גוט אַללע זיינע פריינד.

פאזש: איך קענן, און קענן, און וויים ווער אין געהיים איזט זיין פיינד.

באר: ער קענן, ער קענן, ווער איז אין געהיים זיין פיינד.

פאזש: נאָ, נאָ, לאַססעט פריינד, אָה איך שפּאַססע הייגט.

באר: אָה גאָטט, זיי דאַנק, ער שפּאַססעט הייט!

בעסטער פריינד לוסטיג הייגט,

אַללע צור יאַגד געהן וויר פעראייגט.

פאזש: יאַ, יאַ, צור יאַגד איז זעהר געוואַגט

אונד דאָך פערשאַפט זיא איין פערגניגען

זיא רייצט דאָס בלוט, ערפיללט מיט מוטה

זאָ איינע לוסט ווער קען בעזיעגען.

אָב וואָהל געפאַהר. איזט פיעל זאָגאַר

דאָך אַנגענעהם איזט דיעזער צייט פערטרייב.

נון פריינדע אַללע שנעל זיך געפּאַקט

מאַרשירען וויר אַללע צור יאַגד

נור שנעלל אַב מאַרשירען!

באר: שנעל, יאַ שנעל, יאַ שנעל!

פאזש: נור שנעל מאַרשירען!

באר: שנעל, יאַ שנעל, יאַ שנעל, יאַ שנעל!

פאזש: נון, צור יאַגד שנעל מאַרשירען!

צו דער יאַגד מאַרשירען וויר

פאָלל מיט פריידע איז יעדע ברוסט

אָה, עס גיבט מעהר קיין פלעזיר

דאָס פֿערשאַפֿט אונס אַללע זאָ פֿיעל לוסט
יובעלט הײַטע אַללע גוטע פֿרײַנד
לוסטיג זײַט, נור ניט שרײַט } (בּיס)
אַלע געהט!!!

**כאר:** יאַ, געהט, געהט אַללע געהט!

צו דער יאַגד מאַרשירען וויר א. ז. וו. (ביז אלע אב, הערצאָג אין ריכֿטונג).

פֿערוואַנדלונג.

---

(אויפֿטריט חינקע פינקע, איין וועג, פֿון ווייטענס זעהט מען אַ קליין הייזיל).

**חינקע:** וואו זענען מיר פינקע?

**פינקע:** דוא זעהסט דאָך מיר זענען באלד בײַ אונזער גבריאליק׳ל אין דער הײַם.

**חינקע:** פינקע!

**פינקע:** וואָס איז חינקע?

**חינקע:** ווי ווײַט האָבען מיר נאָך צו געהן?

**פינקע:** אָט איז עס דאָרט!

**חינקע:** ווער ווייסט אויב אונזער גבריאליק׳ל מיט דינהל׳ן זענען אין דער היים?

**פינקע:** טאָ קום זשע וועלען מיר זעהען!

**חינקע:** האָסטו זײַא שוין צו וויסען געגעבען אַז הײַנט וועט זײַא בעזוכען, דיא מומע חינקע מיט דעם פֿעטער פינקע, האַ?

**פינקע:** ווען האָב איך צײַט געהאַט? האָסטו דאָך מיך אַוועק געשיקט צום ד״ר, איך קום דאָך פֿון דאָרט.

**חינקע:** האָסט דו דעם ד״ר איבערגעגעבען מײַן קרענק אַה, פינקע?

**פינקע:** איך האָב דאָך דיר שוין דערצעהלט.

**חינקע:** דערצעהל מיר נאָך אַ מאָהל.

**פינקע:** דער ד״ר האָט ניט געוואָלט הערען פֿון דיין קרענק, ווײַל ער האָט נעבאָך זיין קרענק.

**חינקע:** האָט ער אויך פֿערלוירען דעם אַפּעטיט און קען ניט עסען מעהר וויא 7 מאָהל אין טאָג?

**פינקע:** דאָס האָט ער מיר נישט געזאָגט.

**חינקע:** וואָס דען פאַר איין קרענק פעהלט איהם?

**פינקע:** דו ווייסט דאָך אַז ער איז לייבארצט ביים הערצאָג.

**חינקע:** אַ קלייניגקייט ד״ר אברהם, אַז וואויל איז מיר וואָס מיר קערען זיך אָן מיט איהם. ווי אַזוי קערען מיר זיך אָן מיט איהם? האַ? פינקע!

**פינקע:** ווייסט מיך דער מאַנגען אין דער היים, איך האָב עס פערשריבען אויף אַ טאָוועל אין מחזור.

**חינקע:** הכלל?

**פינקע:** הכלל, איז ער דאָ פריהער אַ היים געקומען פון הערצאָג אָבער גאָר אַ צוקאָכטער, עפּיס האָט זיך ביים הערצאָג זאַנאַדעט אַ רויטער, ימח שמו, און דער רויטער זאָלל האָבען עפּיס שלעכטס געטאָן דעם דאָקטער.

**חינקע:** אַ רויטער? אַ פינסטערער חלום אויף זיין קאָפּ, אַ שוואַרצער! וואָס איז דאָרט געווען?

**פינקע:** אָט דאָס האָב איך געהערט און שוין (פויזע) יאָ, דער ד״ר האָט מיר אַ־בריעף מיט געגעבען פאַר גבריאליק׳ן און אָנגעזאָגט אַז עס איז אַזוי נייטיג ווי אין לעבען אַריין.

**חינקע:** לאָזט אונז דער דאָקטער אויך גריסען אין דעם בריעף?

**פינקע:** וואָס ווייס איך וואָס אין דעם בריעף שטעהט? דוא זעהסט דאָך אַז ער איז פאַרחתמ׳ט, מיט אַ ווייסעל פון אַ איי, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ נויטיגער בריעף דאָס איז, נאָ קום זשע!

**חינקע:** נאָ קום זשע! איהם איז גרינג צו זאָגען, נאָ קום זשע! נאָ און כח וואו נעמט מען?! (שרייט) האָב איך דען כח אפילו איין וואָרט אַרוים צו רעדען?!

**פינקע:** זי האָט ניט קיין כח און שרייט ווי אַ סאָלדאַט טו וואָס זשע דען ווילסטו?

**חינקע:** נעם מיך אויף דיא הענד!

**פינקע:** טפו. . . (אופטרים אַדריאַן)

**אדריאַן:** היר איזט עס, ווער זינד דען דיא געשעפּפע?

**חינקע:** ווער איז דער רויטער?

פינקע: איך ווייס, איין רויטע קוה איז דא אויף דער וועלט?

אדריאן: זיא, מאדאם זויערקרויט, געהערט איהר פיליכט צו יענעם הויזע?

חינקע: ווען איך זאלל געהערן צו יענעם הויז וואלט איך אייך געפרעגט, ווען זוכט איהר דא רויטער הונד?!

פינקע: חא... חא... אוי האט זי איהם געגעבען.

אדריאן: און וואס מאכט איהר אייגענטליך דא?

חינקע: געהערט איהר צו יענעם הויז?

אדריאן: ניין!

חינקע: אז ניין—איז נישט אייער טאטענס עסק וואס מיר אכען דא!

פינקע: חא, חא, חא, חא! ביי מיין חינקען וויל ער געווינען!

אדריאן: וויא איך פערשטעה זייט איהר בעקאנטע אדער פערוואנדטע פאן דעם מאהלער גבריאל איך בין צו איהם געשיקט פון הערצאג.

פינקע: אט איז ער טאקע!

חינקע: לאז מיך נאר צי צו איהם. זאג נור דוא פרה אדומה וואס האסטו צו זוכען ביי אונזער גבריאליקל?

אדריאן: דאס איז ניכט דיינע זאכע, ווייב!

חינקע: ארים דיר אין דיין לייב.

אדריאן: פערפלוכטע יודין חייסטו צוא ווען דוא שפריכסט?!

חינקע: איך ווייס נאר איין זאך, איך און כל ישראל וועלען מיר זעהר וועניג טרעהרען פערגיסען אין דעם טאג ווען דוא וועסט איין נעמען א מיתה משונה.

אדריאן: באלר זאלסטו עס ערפאהרען ווי האך איך ביים הערצאג שטעהע!

חינקע: ווען איך זאל זיין א הערצאג, וואלסטו געזעהען ווי הויך איך וואלט דיך געמאכט, איך וואלט דיך אויף איין תליה פון 50 איילען אויף געהאנגען.

פינקע: (מיט קוראזש) אנא לאז נאר מיך צו, ווען זוכסטו דא ביי אונזער גבריאליקן?! צו מיינסטו אז דו האסט דא צו טהאן מיט דעם ד״ר אברהם? (אן א זייט)

אוי, האָב איך איהם געגעבען!

אדריאן: יודע! (גיט איהם אַ זעץ אין פּוס)

פינקע: (אַנטלויפט) אוי וואָס, שווייגסטו חינקע?

חינקע: וואָס אַנטלויפסטו פינקע?

פינקע: אַז אַ פערד זעצט אוים מוז דאָך דער מענש אַנטלויפען.

חינקע: אַז אַ פערד זעצט אוים גיט מען איהם איבער די פיס, איבערן קאָפּ, איבערן לייב און לעבען (שלאָגט אדריאַנען, אדריאַן אָב)

פינקע: חאַ, חאַ, חאַ. . . ער האָט זיך איינגעקויפט מפטיר חאַ, חאַ, חאַ, ביי מיין חינקע, וויל ער געווינען? ! אוי, איך האָב שוין נישט קיין קישקעס פון לאַכען!

חינקע: אוי, איך בין אוים מענש, פינקע!

פינקע: וואָס זשע זאָל איך דיר טהון, חינקע?

חינקע: נעהם מיך אויף די הענד!

פינקע: מאַך דיך ניט נאַריש!

חינקע: צו דיר רעד איך? פינקע!

פינקע: ביסט דאָך געזונד ווי אַ סאָלדאַט, חינקע!

חינקע: שריי דיר אויף די ציין!

פינקע: צו דיין קאָפּ!

חינקע: פינקע!

פינקע: חינקע!

חינקע: נאַ דיר די לינקע! (גיט איהם אַ פּאַטש. דועט:)

פינקע: חינקע! } (ביס 4 מאל)
חינקע: פינקע! }

פינקע: גוואַלד! הערט איין אומגליק, הערט נאָר הערט!

חינקע: פינקע! } (ביס 4 מאל)
פינקע: חינקע! }

חינקע: גוואַלד! וואָס איך זאָג איז ביי איהם פערקעהרט.

פינקע: חינקע! } (ביס 4 מאהל)
חינקע: פינקע! }

ביידע: גוואַלד! נאָר איין מיטעל איז דאָ צו דער פּלאָג.
קלעפּ! קלעפּ! קלעפּ!—געבען ביז'ן טאָג (ביס)

חינקע: אוי, פינקע!

פינקע: אוי, אוי, אוי, חינקע!
חינקע: נאַ דיר מײַן לינקע! (גיט איהם א פאטש)
פינקע: איכה ישבה בדד, אַ װײַב א שלאַק װען מען האָט,
דאָ העלפט קײַן קנות און קײַן קלאָגען,
טפוי, מען דאַרף איהר מלקות שלאָגען!
חינקע: צו האָבען פאַר זיך אַזאַ צאַצקע אַ מאַנן
קען א יורענע גליקליך זײַן.
איידער זיך האַלטען מיט דער מתּנה
זאָלל איך בעסער בלײַבען איין אלמנה
פינקע: אַ אלמן הערט נאָר װאָס דאָ װערט!
חינקע: געפעלט עס דיר ניט, האָב איך דיך אין דר'ערד!
פינקע: איך זאָג דיר האַלט דאָס מויל!
חינקע: אוי אַז טרעפען זאָל דיך א קויל.
פינקע: שאַ! } (בים 2 מאָל)
חינקע: דוקא, }
דוקא, און טהו מיך עפּיס נאָ!
פינקע: אוי א שלאַק דיר אה, צרהניו.
חינקע: װערען זאָלסטו פינקע, די כפרהניו.
פינקע: אוי! אַ טראַסק חאַפּסט דו באַלד...
חינקע: אוי! צו טראַסקעט צו פלאַסקעט װער דו יאָלד.
פינקע: כלַבטע װאָס דו ביזט!
חינקע: יאַליװער לאָשיק!
פינקע: פערחושכט פערװויסט!
חינקע: צובראָכענער קאָשיק.
פינקע: עס פוילט אין דיר אַ בײן!
חינקע: דו פערפוילטע עפּעל!
פינקע: דו האָסט דאָך קרומע צײן!
חינקע: אַ מכּה דיר אין קעפּיל! אוי! פערברענטע טשאָלינט
װאָס בלײַבט פון יענער װאָך.
פינקע: אוי! חאָלעריע, באַלד בעקומסטו די נכפּה דאָך.
חינקע: אוי! געזאַלצענער באָרשט אָהן פלײש און עסיג אַ סאַך,
פינקע: אוי! קרומע קלאַטשע דער שלומפּער הענגט זיך דיר נאָך.
חינקע: שטיל זײַן! } (בים 2 מאָל)
פינקע: אוי, אוי! }

**ביידע:** וואָס דו שווייַגסט ניט? נײַן?

**חינקע:** פּינקע! איך האָב אַ פּלאַן.

**פּינקע:** לאָמיך הערען, וואָס?

**חינקע:** (געזאַנג) הער, וואָס דאַרף מען זיך קריגען.

**פּינקע:** איך ווייס? ווער וויל זיך דען קריגען? ווער?!

**חינקע:** קום־זשע צו } (ביס 2 מאָל)

**פּינקע:** געה פריער דו }

**חינקע:** פּינקע!

**פּינקע:** חינקע, אוי!

**חינקע:** גוואַלד! און פאַר דעם צער וועלען מיר האָבען נחת,
מיר וועלען לעבען בעססער ווי פריער.
גאָטט וועט אונז שענקען אַ קינדעלע איך גלויב עס
ניאַנטשען זיך מיט איהם וועלען מיר.

**פּינקע:** אַ בן זקונים, שאַט ניט קיינעם, לאָז חאָטש בלײַבען
אַ קדיש דאָ.
אָט אָט זעהט מען אַהין אָט געט מען עס קומט באַלד די שעה.

**ביידע:** יאַ, יאַ! אוי נחת האָבען וועלען מיר! (טאַנצען אָב)

פערוואַנדלונג.

---

(שטעלט פאָר איין דאָרף מיט אַ היטע, דינה בעשפריצט דעם גאָרטען)

**דינה:** אָה, איין בלומען גאָרטען איז די וועלט!
פאָן שעפּפער פעסט געשטעלט.
איינם דעם צווייטען געבען דופט
יעדער טהיילט זיך מיט דער לופט;
דער טהוי פאַלט אויף יעדען גלייך
אונד די זאָננע שענקט די שטראַהלען רייך,
אויך דער רעגען אַלעס קוויקט,
מיט זיין פרוכטבאַרקייט בעגליקט
ווען עס קומט איין שטורם ווינד
יאָגט איהם וועק די זאָננע מילד.
ווי די בלומען בליהען אויך ווירּ,
אונזער יוגענד בליהט אָהן אַ שיער
אָה, געניסט דעם דופט מיט לוסט,
ערקוויקט אייער ברוסט,

ווען די יוגענד געהט נור פֿאָרט
דאַן קאָמט די עלטער אויף איהר אָרט
אָה, דו מענש ניכֿט זאָרגע, ניין!
וואָס בעשטימט איזט, דאָס מוז געשעהן.

**גבריאל:** (הינטער די קוליסען) ווי געשמאַק וואר דער ווײַן עטוואָס בעסערס קענן ניכֿט זײַן.

**דינה:** אָה, דאָס איזט זײַנע שטימע דאָרט! איך ערקענע זי זאָפֿאָרט.

**גבריאל:** אַך, ווי העל מיר אַללעס שײַנט.

**דינה:** ער איז עפּיס לוסטיג הײַנט.

**גבריאל:** אָה, איך זעה שוין באַלד מײַן היים, מײַן ליעב ווײַבעלע אויך אין דעם.

**דינה:** אָה עס שמעקט מיר צוקער זיס, ווי אין אײַנעם פּאַראַדיז. יאַ ער קאָמט!

**גבריאל:** טאַנצען וויל איך טאַנצען ביז אין טאָג
הע, הע, טשו... נו... נו... חאַ... חאַ... חאַ...
איז דאָס ניט שעהן, חאַ... חאַ... חאַ...
דו קענסט דאָס ניט ניין, ניין, ניין, ניין.

**דינה:** חאַ... חאַ... חאַ... ער איז לוסטיג הײַנט, חאַ... חאַ... חאַ...
יאַ, יאַ, יאַ, נו (4 מאָל) דאָס איזט אײַן שפּאַס (4 מאָל)
חאַ... חאַ... חאַ... אײַן שפּאַס (גבריאל ערשיינט, אומאַרמען זיך)

**דינה:** גבריאליק׳ל, פֿאַר וואָס ביזטו הײַנט אין דער שטאָדט מעהר אויסגעבליבען ווי איממער? נשמה׳לע!

**גבריאל:** מײַן הערצעלע! מײַן נשמה׳לע, מײַן ווײַבעלע, האָסטו געבענקט? איך אויך! האָסטו דיך געערגערט? איך אויך! האָסטו געהונגערט? איך אויך! אָבער ווען דוא זאָלסט וויסען וואָס איך האָב דיר הײַנט אַ היים געבראַכֿט?!...

**דינה:** דיך אַליין! (אומאַרמט איהם) דאָס איזט דאָס בעסטע וואָס דוא קענסט מיר אַ היים ברענגען. אָבער גבריאליק׳ל וואָס איז דאָס, עס שמעקט פֿאָן דיר ווײַן, האָסט דוא געטרונקען?

**גבריאל:** איך בין נישט שולדיג דינה׳לע, ער האָט מיך געצוואונגען צו טרינקען.

**דינה:** ווער האָט דיך געצוואונגען?

גבריאל: דער רויטער.

דינה: וואָס פאַר איין רויטער?

גבריאל: ווייסט איהם דער רוח וויא ער הייסט, ער איז אַ גאַנצער מאַלער ביים הערצאָג, האָט ער מיר געזאָגט...

דינה: גבריאליק׳ל, ווי קומט צו דיר אַ רויטער, אַ מאַלער ביים הערצאָג?

גבריאל: אוי דינה׳לע, ווען דוא זאָלסט וויסען וואָס מיר האָט פּאַסירט!

דינה: אוי, דוא שרעקסט מיך איבער.

גבריאל: גוטס האָט זיך מיר פּאַסירט.

דינה: ערצעהל מיר!

גבריאל: אָבער דוא ביזט דאָך הונגעריג און איך אויך, קום צום טיש וועל איך עססען אַ ביסען און דיר געבען אַ קוש און ווידער אַ ביסען און ווידער אַ קוש, און דאַבייא ערצעהלע איך דיר די גאַנצע געשיכטע, און אַזוי קום איך איבער דרייא ארבייטען מיט אַ מאָל.

דינה: אָ, אָ, גבריאליק׳ל ביסטו נישט שכור?

גבריאל: שכור? ניין! אַ סימן אַז איך געדענק ווער איך בין ערשטענס בין איך דיין מאַנן, צווייטענס בין איך דיין מאַנן (א. ז. וו.)

דינה: יאַ, מיינער, מיינער... (טאַנצט)

גבריאל: אָבער דינה׳לע קיין טאַנץ גייט ניט פאַר דעם עססען.

דינה: אוי, ווען דוא זאָלסט וויסען וואָס איך האָב דיר היינט אָנגעגרייט צו מיטאָג.

גבריאל: וואָס?

דינה: ניין איך זאָג נישט, איבערראַשען וויל איך דיך איבערראַשען, וואַרט אויס ביז אַללעס וועט שטעהן פאַרטיג אויף דעם טיש געה נישט אַריין ביז וואַנען איך וועל דיך רופען און וועל קלינגען (אָב)

גבריאל: חאַ... חאַ... חאַ... וועלען מיר זעהען ווער פון אונז ביידע וועט מעהר איבעראַשט ווערען (פּאַקט אויס פערשיעדענע זאַכען). אז זיא זאָל נאָר נישט אַרויס קומען און מיטען דרינען, ביז אַלס וועט ליגען שוין אויסגעלייגט. אוי זיא קומט!...

דינה: (קלינגט) קלינג... זעהסט ניט אז איך קלינג צום מיטאָג, קלינג... נאַ וואָס רופּסטו דיך נישט אָן (קוממ אריין) אוי, דו גנב! דוא פערשטעלסט עפּיס פאַר מיר (שלעפּט איהם אַוועק) וואָס איז דאָס? דאָס אַלסדינג איז מיינס און דער מאַנן איז אויך מיינער!

גבריאל: (מאַנצט מיט איהר) דיינער, דיינער...

דינה: אָה, דוא פערשוועגדער, דוא אויסברענגער, דיין גאַנץ פערדיענסט האָסט דוא אויסגעגעבען אויף מיר.

גבריאל: מיין גאַנץ פערדיענסט? קוק אַהער (קלינגט מיט געלד) חאַ... חאַ... חאַ...

דינה: אוי איך שטאַרב! שוין מוסט דוא מיר זאָגען וואָס מיט דיר האָט זיך פּאַסירט!

גבריאל: דינה'לע, אַזאַ גליקליכען טאָג ווי היינט האָב איך נאָך נישט געהאַט.

דינה: שטיל, דוא ליגנער! קען נאָך זיין אַזאַ גליקליכער טאָג פון דעם טאָג פון אונזער חתונה?!

גבריאל: האָסט רעכט דינה'לע, נאָר אָבער אין געשעפט-זאַכען מיין איך. הער דינה'לע, מיין לעצטעס בילד מיט וועלכעס איך בין שוין געווען אַזוי פיעל מאָל אין שטאָדט און האָב קיין קויפער געפונען, וועלכער זאָל מיר מיין פּרייז בעצאָהלען, האָט עס היינט איינער ביי מיר געקויפט אונד מיר דאָפּעלט געגעבען וויפיעל איך האָב פערלאַנגט.

דינה: זעהסטו שוין גבריאליק'ל, זאָג איך דען ניט שטענדיג אַז דו אַליין ווייסט ניט וואָס פאַר איין טאַלאַנט דוא האָסט מוז ערשט איין אַנדערער קומען און דיר זאָגען. ווער איז דער קויפער?

גבריאל: דער רויטער פון וועלכען איך האָב דיר פריהער ערצעהלט, ווייסט דוא פאַר וועמען ער האָט עס געקויפט? פאַר דעם הערצאָג, ווייסט דוא וואָס נאָך ער האָט מיר געזאָגט? אַז דער הערצאָג ווירד נאָך אַרבייט ביי מיר בעשטעלען. מיט איין וואָרט איך וועל ווערען איין רייכער און איין גרויסער מאַנן.

דינה: אוי! (לאָזט אָב דאָס געלד)

גבריאל: וואָס איז דיר, דינה'לע?

**דינה:** איך ווייס אַליין ניט וואָס עס איז מיר פּלוצים אַ מורא אין הערצען אַריין.

**גבריאל:** אַ מורא? פאַר וועמען?

**דינה:** פאַר דעם רויטען.

**גבריאל:** נאַרעלע, דוא הערסט דאָך אַז דער רויטער וויל מיין טובה.

**דינה:** און איך שרעק מיך אויב דער רויטער איז נישט איין אָנשיקעניש אויף אונז.

**גבריאל:** וואָס דיר קען איינפאַלען!

**דינה:** גבריאליק'ל, קען דאָס מעגליך זיין אַז אונזער גליק זאָל אַ מאָל אויפהערען?

**גבריאל:** שטיל, וויא קומט צו דיר אַזאַ געדאַנק?!

**דינה:** פערציייהע מיר מיין גבריאליק'ל... אָבער מיין הערץ האָט אָנגעפאַנגען זאָ צו ציטערען... עפּיס אַזאַ טרויריגער פאָר־געפיהל... גבריאליק'ל, איך וויל דיך ניט פערלירען (ביידע וויינען).

**גבריאל:** הער אויף, הער אויף... וואָס איז דאָס, טרעהרען גאָר? ווער אין דער גאַנצער וועלט איז אימשטאַנד אונזער ליעבע צו צושטערען?

**דינה:** גבריאליק'ל, ווילסטו דיין דינה'לען פאָלגען?

**גבריאל:** ווען האָב איך דען דיך נישט געפאָלגט?

**דינה:** וויל נישט ווערען רייך, וויל נישט ווערען גרויס, לאָמיר ווייטער לעבען ווי ביז יעצט צופרידען מיט וויפיעל מיר האָבען, און מיר וועלען זיין גליקליך מיט אונזערע ליעבע.

**גבריאל:** (נאָכדענקענד) דאָ האָסט דוא מיין האַנד!.. רויטער, איך האָב דיך אין דער ערד מיט דיינע טובות אין איינעם!

**דינה:** אַזוי ביסטו ווידער מיין נשמה, מיין לעבען, איין גבריאליק'ל איז דאָ אויף דער וועלט און דער איז מיינער.

**גבריאל:** יאַ דיינער, דיינער! (אומארמען זיך).

**ביידע:** אונזער לעבען איז איין פּאַראַדיז,
אַלעס קריגען מיר צו זאַט.
לעבען ווירד אונס קיינמאָל ניט מיאוס,
יעדער ווינקעל גיבט אַראָמאַט.

**גבריאל:** מיר וויססען ניט פון קנאה

צו פֿרידען זעגען מיר, רײַך.

דינה: וויר וויססען ניט פֿון שנאה
בײַ אונז איז יעדער גלײַך,

גבריאל: אונס אַסיזירט די היטע גאַנץ שעהן.

דינה: ווײַל מיר זענען דאָ ניט אַליין.

גבריאל: מיר האָבען דאָ קינסטלער מיט ווערט.

דינה: מיר האָבען דאָ פֿרויענקאָנצערט

גבריאל: קאָ, קאָ, קאָ, קאָ, פֿון אַ הון אַ סאָלאַ

דינה: קאָ, קאָ, קאָ, קאָ, ענטפֿערין איהר אַלע.

גבריאל: קוואַ, קוואַ, קוואַ, שרײַען די קאַטשקעס, בײַם...

דינה: קוואַ, קוואַ, קוואַ, און שווענקען זיך די נעז

גבריאל: פּיט, פּיט, פּיט, פּיט, פֿויגעלעך שווישצען.

דינה: פּיט, פּיט, פּיט, פּיט, הינדעלעך פּישצען.

גבריאל: גאָר, גאָר, גאָר, גאָר, טײַבעלעך בורטשען.

דינה: אללע שרײַען זײַ און וואָרצען
דאָס קלײנע קעלביל ווײנט מע, מע, מע, מע.

גבריאל: מע, מע, מע, מע, שרײַב די מאמע

דינה: און די נאַכטיגאַל מאַכט קאָ, קאָ.

גבריאל: קאָ, קאָ, קאָ, קאָ.

בײדע: די גאַנצע מוזיק בים אין אײן שטיק
קאָסט ניכט קײן געלד און ברענגט נאָך גליק.
זאָגט אַלײן! געפֿעלט עס אײַך ניט? נײן, נײן!!
און דער צו אַזאַ פּאָרעלע
לעבט מען שוין ווי אײן שררה׳לע
מען לאָזט ניט צו קײן שום צרה׳לע
מען לאַכט נאָך פֿון דער וועלט

גבריאל: אוי, אוי, אײַן דריק נאָר...

דינה: אוי! אוי... האָט די ווערט גאָר.

גבריאל: אוי, אוי, אײַן קוש נאָר

דינה: בעצאָהלט זיך אויף אײן יאָהר

בײדע: און דערצו אַזאַ פּאָרעלע... (א. ז. וו.).

דינה: אוי, אוי, קען אַ מלך זײַן אַזוי פֿרעהליך
וואו פֿערמאָגט ער אַזאַ קרוין
אין דרײַען בויגט איהם, געהט און פֿרעגט איהם:

וועט ער ענטפערן, ניין, ניין, ניין!

**גבריאל:** קעצעלע!..

**דינה:** הינטעלע!...

**גבריאל:** געה, איך נעהם דיך אויף א שטריקעלע, קינדעלע, גא, גא, גא, איך וויקעל דיך אין א וויקעלע יא, יא, יא!..

(אויפטריט אדריאן).

**דינה:** (שטיל) גבריאליק'ל! איז דאס דער רויטער?

**גבריאל:** יא, דאס איז ער!

**אדריאן:** נון הערר קינסטלער, איינע פריידיגע נאכריכט האבע איך איהנען מיט צו טהיילען, דער גנעדיגער הערצאג האט איהר בילד אלס קונסט־ווערק ערקלערט אונד ער ווינשט ביי איהנען נאך מעהר ארבייט צו בעשטעלען, וואללען זיא זיך געפאליגסט בעמיהען? אבער זאפארט!

**גבריאל:** וואוהין?

**אדריאן:** צום הערצאג אין פאלאסט!

**דינה:** (שטיל) ניין, גבריאליק'ל!

**גבריאל:** עס טהוט מיר לייד.

**אדריאן:** זיא מיינען?

**גבריאל:** איך בין איבערהויפט מיט פיעל ארביים אונד קען מעהר נישט אונטערנעהמען!

**אדריאן:** זינד זיא דען פעררוקט? זא איין גליק פאן זיך צו אבשטויסען, דער הערצאג ווירד זיא דאך רייך מאכען!

**דינה:** מיר שערין זיך ניכט אין רייכטהום, נישט אזוי גבריאליק'ל? וויא אזוי קען מיך דען דער הערצאג רייך מאכען אז איך בין רייכער פאר איהם.

**אדריאן:** זיא שפאסען? וואו איזט דען איינענטליך איהר רייכטהום?

**גבריאל:** (צייגט אויף דינה) בליקט הער! בעזיצט דען דער הערצאג זא איין ברילאנט?

**אדריאן:** אך, זא? יא, דאמיט האבען זיא רעכט אונד איך גלויבע דאס זאגאר דער הערצאג ווערע בערייט מיט איהנען צו טוישען.

**גבריאל:** ער וועט נישט ניעמען... פרעגט מיך פריהער צו וויל איך מיט איהם זיך טוישען!

דינה: קום גבריאל, וואָס קימערט מיך דער הערצאָג? (ביידע ווילען אב).

אדריאַן: ענטשולדיגען זיא! איזט דאַס איהרע וואָהנונג?.. איזט עס ניכט היממעל שרייענד, דאַס איין זאָלכער קינסטלער וויא זיא, זאָל איינע אַרמע היטטע בעוואָהנען?!

גבריאל: מיין העֶרר! דיזע היטטע איז אונזער זיס הימעלע, אונזער היממעל אונד אונזער גן־עדן און דאָ אין דיזער היטטע בין איך אַזוי רייך, אַז דער הערצאָג איז געגען מיר אַ שנאָרער (ביידע אב).

אדריאַן: ניין! זאָ לייכט וויא איך עס מיר פאָרגעשטעלט האַבע איזט עס ניכט. דאָך געדולד! קיין מיטטעל ווערדע איך אונפראָבירט לאַססען אונד זיין ווייבכען דיא בעקאָמען וויר, זאָ וואַהר מיין נאַמען אַדריאַן איזט! (אויפטריט חינקע, פינקע. שטויסען זיך אָן מיט אדריאַן)

אדריאַן: פערדאַממטעס ווייב! (אב)

חינקע: ער האָט זיך אָפגעטראָגען.

פינקע: ניין, וואָס דען מיינסטו? איטליבער וויל זיך לאָזען גלעטען פון דיר?... אוי מיין באַק!!

חינקע: נו, שאַ, שאַ, עס וועט זיך דיר אויסהיילען, פע! אַ מאַנן זאָלל נישט קענען פערטראָגען אַ פאָר פעטשעליך.

פינקע: פעטשעליך? זיא פערציהט עס נאָך, איך האָב בעקו־מען אַ געשוואָלענע באַק און זי רופט דאָס פעטשעליך.

חינקע: וואָס זשע בין איך שולדיג? רוצח, וואָס דוא ביסט. פאַר וואָס גלויבסטו מיר ניט אַז איך שריי אַז איך בין קראַנק?!

פינקע: אוי מיין באַק!

חינקע: גענוג, קום אַהער וועל איך דיר געבען אַ קוש.

פינקע: איך בין דיר מוחל, פאַטש מיך ניט און קוש מיך ניט. (אופטריט גבריאל מיט דינה).

דינה: גבריאליק'ל! זעה נאָר וואָס פאַר ליבע געסט מיר האָבען!

גבריאל: אה, פעטער פינקע! מומע חינקע! (צו קושען זיך).

חינקע: (דערזעהט אויפ'ן טיש די ציערונג) וואָס פאַר אַ שעהנע זאַכען?!

דינה: מײַן גבריאליק׳ל האָט מיך הײַנט איבעראַשט. אָבער פּעטער, וואָס האָט איהר אויף דער באַק?

פינקע: מײַן חינקע האָט מיך אויך הײַנט איבעראַשט.

חינקע: קום אַהער טאַטע מײַנער גבריאליק׳ל, איך מוז דיר געבען אַ קוש (קוסט איהם). אַ דאָס הײסט אַ מאַן! וואָס דען ווי מײַן שלימזל?

פינקע: אוי, מײַן באַק!

גבריאל: פּעטער, וואָס איז אײַך עפּעס אויף דער באַק?

פינקע: אוי, נישט פֿאַר דיר געזאָגט.

חינקע: קום שוין אַרײַן שלימזל וועל איך דיר צו לײגען אַ קאַלטען עקספּרעס, וועט עס איבערגעהען. (אַב מיט דינה)

פינקע: אוי, איך וועל שלאָפען ווי נאָך אַ באָד. גבריאלק׳ל, איך האָב פֿאַר דײַנעטוועגען אַ בריעף פֿון ד״ר אברהם (גיט איהם). זאָג נאָר גבריאליק׳ל! דײַן ווײַב שלאָגט דיך?!

גבריאל: זאָל גאָט היטען, מיר לעבען ווי צוויי טויבען.

פינקע: נו וועט זי דיך איה״ש שפּעטער שלאָגען (אַב).

גבריאל: (לעזט שטיל ערשראָקען).

דינה: גבריאליק׳ל! ווילסט ניט אַרײַן געהן?... וואָס זעה איך, דו ציטערסט? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בריעף?

גבריאל: הער וואָס דײַן אָנקעל דער ד״ר שרײַבט אונז: „ליעבע קינדער, אין אײַער פּאַראַדיעז לויערט אַ גיפֿטיגע שלאַנגע, וועלכע זוכט אײַער גליק צו צושטערען, איך פֿירכטע אַלעס דײַטליך אויס צו שרײַבען, זײַט פֿאָרזיכטיג! אײַער אָנקעל ד״ר אברהם“.

דינה: וועלכע שלאַנגע וויל אונזער פּאַראַדיעז צו שטערען? ווער קען אונז זײַן אַזאַ פֿײַנד!

גבריאל: (לעזט) אין אײַער פּאַראַדיעז לויערט אַ גיפֿטיגע שלאַנגע, וועלכע זוכט אײַער גליק צו צושטערען... דינה׳לע! זאָג מיר נאָר וועמען האָב איך שלעכטס געטהון?!

דינה: קײנעם! קײנעם! דו ביסט דער בעסטער מענש אויף דער וועלט!.. גבריאליק׳ל! איך האָבע אײן פֿאָרגעפֿיהל דאָס פֿילײַכט איזט דער רויטער, די שלאַנגע וואָס דער אָנקעל שרײַבט?

גבריאל: וואָס פֿאַלט דיר אײַן מײַן קינד? דער רויטער מײנט דאָך אונזער טובה. איך וועט זיך מיט דיר, אַז דאָס איז פֿון

אָנקעָל אַ שפּאַס, גלויב מיר עֶר זיצט יעֶצט צו הויזעֶ און קאַטשעֶט זיך פּאַר געֶלעֶכטער ווי עֶר האָט אונס אָבגעֶנאַרט, לאָמיר אויך לאַכעֶן (ביידע לאַכען, פּריץ לויפּט אריין).

**פריץ:** הילפעֶ! הילפעֶ! איין אונגליק איז געֶשעֶהן! אוננליקליכעֶר ווייזעֶ איז אַ מענש פון איין קונעֶל געֶטראָפעֶן, פּיליייכט ווי סען זיא פון איין ד״ר אין דיעזער געֶנעֶנד? זאָגסט ווערט עֶר פעֶרבלוטעֶט?

**גבריאל:** יאַ עֶס גיעבט איין ד״ר, נור אָבער איין דאָרפס-ד״ר! עֶר וואָהנט אבעֶר צימליך וויט.

**פריץ:** מאַג זיין, דעֶסטאָ בעֶסער!.. דעֶסטאָ שלימעֶר וואָלטעֶ איך זאָגעֶן.. אַבעֶר שנעֶל!..

**גבריאל:** שנעֶל גיעב מיין ראָק און מיין הוט! אָבער שנעֶל, דער אונגליקליכער ווט פערבלוטיגט וועֶרעֶן.

**דינה:** גבריאליק׳ל, בלייב נישט לאַנג אוים.

**גבריאל:** איך פליה וויא איין פייל פון בוינעֶן, אַ קליינינקייט איין מעֶנשעֶנס לעֶבעֶן צו רעֶטעֶן (ביידע אב, אויפטריט אדריאן).

**פריץ:** הי, הי, הי... האַבעֶ איך מיין ראָלעֶ גוט געֶשפּיעלט? הי, הי, הי!

**אדריאן:** גוט, גוט, געֶה פריץ! (פריץ אב, אויפטריט הערצאג).

**אדריאן:** יעֶצט מיין הערצאָג האָט איהר די געֶלעֶגעֶנהייט די ערשטעֶ פּראָבעֶ צו מאַכעֶן, איך ווינשעֶ איהנעֶן ערפאָלג... (אב, אויפטרים דינה).

**הערצאג:** (אפּארט) זיא איזט עֶס!.. ענטשולדיגעֶן זי!

**דינה:** זוכעֶן זיא פּיליייכט מיין מאַן?

**הערצאג:** איך בין געֶקומעֶן אין נאַמעֶן דעֶם הערצאָגס ביי איער מאַנן איינעֶ בעֶשטעֶלונג צו מאַכעֶן.

**דינה:** איך וויים ניכט אויב מיין מאַן ווירד אָננעֶהמעֶן, עֶר האָט פיעל אַרבייט, איבעֶרינגס וואַרטעֶן זי ביז מיין מאַן ווירד קאָמעֶן, עֶר ווירד איהנעֶן בעֶשייד זאַגעֶן.

**הערצאג:** ערלויבעֶן זי מיר אויסרוהעֶן, דעֶן איך בין ערשעֶפּט.

**דינה:** ביטעֶ, נעֶהמעֶן זי פּלאַץ.

**הערצאג.** ווי קאַן איך זיצען ווען זי שטעֶהעֶן!

**דינה:** איך און מיין מאַן זעֶנעֶן איינפאַכעֶ מעֶנשעֶן, וויר זינד צו זאָלכעֶ שמייכעֶלייעֶ ניכט געֶוואָהנט, ביטעֶ נעֶהמעֶן זי פּלאַץ.

**הערצאג :** (וענדעט זיך) האבען זיא שאן איין מאהל דעם הערצאג געזעהען ?

**דינה :** איין מאל פאן ווייטען .

**הערצאג :** אונד ווי געפעלט איהנען דער הערצאג ?!

**דינה :** חא, חא, מיר ? מיר איזט אויף דער גאנצער וועלט נור איינער געפעלען, און דאס איז מיין מאן !

**הערצאג :** (אפארט) טויפעל !.. (צו דינה) וואס הערען זי פון הערצאג א מאל גוטעס רעדען ?

**דינה :** גוטעס ? זעהר ווענינ .

**הערצאג :** זא ! וואס האבען זי געהערט ?

**דינה :** מען זאגט דאס ער איין פרויענייענער איזט, איבעריגנס וואס קימערט מיך דען דער הערצאג .

**הערצאג :** דענקען זיא ניכט קיין שלעכטעס פון דעם אונגליקליכען הערצאג .

**דינה :** אונגליכער הערצאג ?..

**הערצאג :** (אפארט) איך קען מיך מעהר ניט אויפהאלטען (צו דינה) וויססע דאס איך זעלבסט דער הערצאג בין !

**דינה :** העלפע מיר גאטט ! וואס פערלאנגט איהר פון מיר ? (וויינט)

**הערצאג :** אה, ניט וויינען הערצענס קינד, איך מאכטע ליעבער שטערבען אלס פון דיינע אויגען טרעהרען צו זעהען, אה דינה ! וויסע דאס דוא מיך עלענד געמאכט האסט !

**דינה :** איך ?..

**הערצאג :** איך ליעבע דיך מיט יעדען גלוטה פון מיין הערצען . פיר דיין בליק בין איך גערייט מיין לעבען צו אפפערן ! אה, רעטטע מיך מיין טייערעס קינד .

**דינה :** אבער מיין גאטט ! וואס וואלען זיא פאן מיר ? איך האב דאך איין מאנן .

**הערצאג :** איך וועל איהם גוטיגען מיט אלעס, וואס נאר זיינע ליפען אויסרעדען ווערדען, רייכטהום, גרענצלאזע מאכט, אלעס זאל ער ביי מיר בעקאממען, נאר דיר זאל ער מיך אבטרעטען (קניהט . גבריאל ערשיינט) .

**דינה :** אבער איך וויל פון מיינען מאנן ניכט וועק געהן וויל איך שעטצע איהם מעהר וויא אלעס אין דער וועלט .

מײַן מאַנן איזט אײַן הײס בלוטיגער מאַנן, נעהם אַײַעק דען עס קען נאָך דאָס גרעסטע אונגליק געשעהן ...

**הערצאָג:** (באָזע) אונד װער איזט דער טײַפעל, דאָס איך איהם אױם דעם װעגע געהן זאָלל?!

**גבריאל:** (פּאַקט איהם) איך בין איהר מאַנן אונד איהר בעשיצער! (װאַרפט איהם צו ערדע)

**הערצאָג:** (ציהט דעם זעבעל) קאַנאַליע!..

**גבריאל:** (חאַפּט אַרױס דעם זעבעל) שענדליכער! (אױפטריט אַדריאַן, יענער).

**אדריאַן:** אײַן אַטענטאַט אױף אונזער הערצאָג (ציהט דעם זעבעל פֿאָן גבריאלס הענד)

**גבריאל:** זאָ! װאַר אַלעס אײַן אָבגערעדעטע זאַך, אײַן שורקישער פּלאַן?..

**אדריאַן:** נעהמט איהם געפֿאַנגען.

**דינה:** נײַן! לעבענדיג װעט איהר אונז ניכט שײדען!.. אונד מוס ער שטערבען, זאָ לאָזט מיך מיט איהם צוזאַמען שטערבען. (אַדריאַן רײסט זיי אױס אַנאַנדער)

**גבריאל:** אומזאָנסט, רױטער הונד! נאָר אונזער קערפּער קענט איהר אױס אײנאַנדער רײסען אָבער אונזער טרײַע ליעבע בלײַבט עװיג אונשטערבליך, װיא די ליכטיגע זאָננע אין הימעל. אַדיע מײַן דינה׳לע, אַדיע מײַן גליק! דאָרט אױבען בעגעגענען װיר אונז װידער, אױף װידער זעהן!.. (מען פֿיהרט איהם אָב, דינה שרײט אױס, פֿאַלט, הערצאָג שטעהט אונבעװעגליך געריהרט, אַדריאַן פֿריץ לאַכען).

פֿ אָ ר ה אַ נ ג פֿ אַ ל ט.

---

## צװײטער אקט.

(אײן קערקער, אױף דער ערד שטראָה, גבריאל ערװאַכט).

**גבריאל:** אין טרױם װאַר עס ... ניט אין דער װירקליכקײט ... פֿערװאָרטהײלט בין איך!.. נון, װאָרום קומען ניט יענע שװאַרצע מענער מיר אַרױספֿיהרען פֿון דעם גראָב אין ריכטיגען גראָב ... (מאַן ריגעלט) אָה! מען געהט!.. נעמט מען מיך שױן ענדליך צו פֿון דאַנען?!.. (אױפֿריט הערצאָג מיט

(צו לאַמטערן) אָה, דאָס ליכט!... עס ברענט !.. עס שטעלט
מיר די אויגען ... ווער ביסטו פינסטערע געשטאַלט ?!..

**הערצאָג:** ביסטו בערייט צו שטערבען?

**גבריאל:** יאַ, יאַ! ווען ווירד דאָס געשעהן?

**הערצאָג:** באַלד!..

**גבריאל:** איזט יעצט טאָג, אָבענד, אָדער נאַכט?

**הערצאָג:** באַלד זעהסטו דעם טאָג, אָבער צום לעצטען מאָהל?

**גבריאל:** איך דאַנק דיר מײַן גאָט!

**הערצאָג:** דו ביזט אַלזאָ היער אונגליקליך? זעהר אונגליקליך?!..

**גבריאל:** מײַנע הענדע אונד פיססע זינד פערוואונדעט פון דען
שווערען קעטטען, שרעקליכער גרויענהאַפטע טהירע קריכען
אײַז קאַלט אויף מײַנעם קערפער הערום, מיך שוידערט
מיך פריערט! אָה, לאַסט מיך שאָן צום טאָדע פיהרען,
נאָר פון היער פיהרט מיר הערויס!

**הערצאָג:** ווייסטו וואַרום דו היר ביסט?

**גבריאל:** מײַן קאָפּ איזט מיר זאָ בעטויבט ... נאָר זאָ וויא אין
טרוים געדענק איך וויא מאַן האָט מיר געבראַכט אין איין
פינסטערן זאַאַל... שוואַרץ געקליידעטע מענער זענען
געזעסען אַרום אַ טיש און האָבען מיר געזאָגט אַז איך האָב
מיט אַבזיכט געוואָלט ערמאָרדען דעם הערצאָג. איך האַ-
בע אָבער ערצעהלט ווי עס וואַר און דאָך האָ-
בען זיי מיר אַראָפּגעשלעפּט אין אַ פינסטערען קעללער,
איך האָב פאַר מיר דערזעהן גליהענדע צוואַנגען, שפּיציגע
שרויפען אונד באַלד האָבען זיי מיך צו געשמידעט צו איין
אײַזערנעם בעט, אונד האָבען אָנגעפאַנגען שטיקער פליײש
פאָן מיר צו רײַסען ... אָה ביטערע שמערצען!.. ביטערע
שמערצען ...

**הערצאָג:** דו האָסט ענדליך געשטאַנדען דאָס דו וואָלטעסט
דעם הערצאָג ערמאָרדען מיט אַבזיכט?

**גבריאל:** יאַ, יאַ, איך האָב שוין אַללעס געזאָגט. איך האָב
געזאָגט אַז דער הערצאָג איז טײַער, גוט און פרום.
אַללעס האָב איך זיי נאָך געפּלאַפּעלט וואָס זיי האָבען נאָר
געוואָלט.

**הערצאָג:** הערע מיך! וואָס ווירדעסט דו זאַגען ווען מען זאָל דיך

פֿון היִער הערוים פֿיִהרען, אַבער ניִכט צום טאָדט נאר צו בעפֿרייַען!?

**גבריאל:** ליִבבער הער! מייַנע אויגען זעהען ווי געבלענדעט איך זעה ניִט, איך ווייס ניִט ווער עס רעדט צו מיִר זאָגט מיִר, מאַכט איִהר אייַך שפּאַס מיִט איינעם אונגליִק-קליִכען?

**הערצאג:** ניין! דען וויִססע! דער הערצאָג וויל דיינען טאָדט ניִכט, איִמגעגענטהייל, ער שענקט דיִר דיינע פֿרייַהייט, אַבער דוא מוזט זאָפֿאָרט פֿערלאַססען דיִעזע שטאַדט... דאַס לאַנד... פֿיִר איִממער, אויך געלד בעקומסטו אויף דער רייַזע...

**גבריאל:** פֿרייַהייַט שענקט מען מיִר... אויך געלד?.. אונד מייַן דיִנה'לע?

**הערצאג:** זיִא בלייַבט היִער!..

**גבריאל:** אָה! איִך האַבע עס געפֿיִהלט, איִך האַבע עס פֿערשטאַנען.

**הערצאג:** איִהר ווערסטו איינען שיידע-בריִף צוריִק לאַססען.

**גבריאל:** איינען שיידע בריִף, א גט, זאָל איך איִהר צוריִק לאַססען?

**הערצאג:** דוא וויִרסט איִהר שרייַבען דאַס... נון, מאַן וויִרד דיִר שוין דיִקטיִרען וואַס דו צו שרייבען האַסט...

**גבריאל:** דיִקטיִרען!.. מיִט גליִהענדע צוואַנגען!.. זאָ ווי מאַן האָט מיִר דיִקטיִרט צו זאַגען דאַס דער הערצאָג איז גוט פֿראַם... אָה! יעצט האָבען מייַנע אויגען צום ליִכט זיִך געוואָהנט! איִהר אַליין זייט עס דער הערצאָג, איִך ערקע-נע יעצט אייַך.

**הערצאג:** יאַ, איִך בין עס! אונד בין זעלבסט געקאָממען דיִך צו רעטטען.

**גבריאל:** אָה! ווי ערעל איִהר זייט, הערצאָג! איִך דאַנק אייַך פֿאַר אייַער מיִהע, אָבער איִהר האַבט אייַך אומזאָנסט בעמיִהט, הערצאָג!

**הערצאג:** אונבעזאָנענער! וואַס וויִרסט דו דען געוויִנען, ווען דו שטיִרבסט? מיינסט דו, דאַס איין הערצאָג וויִרד קיינע מיִטעל פֿיִנדען, ווי זאָ דיינע וויִטווע פֿיִר זיִך צו געוויִנען?

איך וויל אָבער ניכּט דײַנען טאָדט, טהוע אַלזאָ ווי איך דיר ראַטהע!

**גבריאל:** הערט מיך אויס, הערצאָג! אָב איהר וועט מיך לאָזען אומברינגען, אָב איהר וועט מיך וועגשיקען, אָב איהר וועט מיט מיר טהון וואָס איהר ווילט, איין זאַך זאָלט איהר וויססען גאַנץ זיכער, דאָס מייַנע דינה'לע בעקומט איהר ניכּט! גבריאל און דינה'לע האָבען זיך ליעב! פערשטעהט איהר דאָס וואָרט? ניין! אין איהרעם הערצען ברענט נור איינע טהירישע לייַדענשאַפט, אָבער איהר פערשטעהט ניכּט, איהר קענט ניט פערשטעהען וואָס עס הייסט וואַהרע ליעבע, וואָס עס הייסט טרייַע ליעבע!

**הערצאָג:** דיין לעצטעס וואָרט וויל איך הערען, פרייַהייט אָדער דעם טויט?!

**גבריאל:** דעם טויט, דעם טויט און 100 מאָל דעם טויט.

**הערצאָג:** (גיבט אַ צייכען עס קומען אַריין בעאמטע) טהוט אייַער פפליכט!.. (אַב. אויפטריט הויפטמאַן, הענקער דערנאָך פריץ).

**פריץ:** הער הויפטמאַן! מעהרערע בעקאַנטע ווינשען צום אַרעסטאַנט הערייַן צו קאָממען!

**גבריאל:** ערלויבט מיר וועניגסטענס פאַר מייַנעם טאָדע מייַן לעצטעס געבעט צום הימעל שיקען.

**הויפטמאַן:** דאַס איזט דיר ערלויבט. (צו פריץ) זאָגע פריינד קענען קאָממען. (פריץ אַב. אויפטריט יודען. גבריאל וויינט. מוזיק שפּילט).

**איינער:** די יודישע קהלה קדושה האָט אונז געשיקט מיט דיר ודוי צו זאָגען.

**כאָר:** אָדָם יְסודו מֵעָפָר וְסופו לֶעָפָר (בּיס).

**גבריאל:** אוי וועה איז מיר... פאַר וואָס (ביס) קומט מיר אַזאַ יונגער טויט...

אוי וועה איז מיר... פאַר וואָס (ביס) קומט מיר אַזאַ שרעקליכער טויט...

אוי וועה איז מיר. . . אונשולדיג זאַ פיעל לייַדען,

פון דער וועלט, פון אַלע ליעבען זיך שייַדען

**כאָר:** אוי וועה!

**גבריאל:** איך בעט דיך, גרויסער גאָטעניו!

אָנָא הושִׁיעֵנִי בְּיום הַדִין.

וואָס בּין איך דען אַ בָּשר וָדם (בּיס).

**כאר:** אָדָם יְסודו מֵעָפָר וְסופו לֶעָפָר (בּיס).

**גבריאל:** אָשַׁמְנו... בָּגַדְנו... גָזַלְנו... דִבַּרְנו דֹפִי...

הֶעֱוִינו... פָּשַׁעְנו... צָרַרְנו... קִשִׁינו עֹרֶף...

**כאר:** וְעַל כֻּלָם אֱלֹהַ סְלִיחות (2 מאָל)

סְלַח לָנו... מְחַל לָנו... כַּפֶּר לָנו.

**גבריאל:** הער מײַן געבעט, אוי... גאָטעניו עַל חֵטְא, אוי בְּיוֹם דין...

(כאָר) הער מײַן יאָמער געזאַנג, און מײַן לעצטען גאַנג לְמוֹחֵל עֲונוֹת בַּדִין (כּאָר, בּיס, פּאָזיציאָן, גבריאל אין שרעקליכע פערצווייפלונג. פאָרהאַנג פאַלט)

פערוואַנדלונג.

---

(אַ גאַס. לינקס הערצאָגס פּאַלאַץ. אויפטריט הינקע פּינקע).

**חינקע:** פּינקע, וואו זענען מיר?

**פּינקע:** שטיל חינקעלע! מאַך נישט קיין ליאַרעם זעהסט דאָרט אַ טאַבעלע!

**חינקע:** וואָס שטעהט דאָרט?

**פּינקע:** (לעזט) דאָ טאָר מען נישט פּאַטשען נישט מיטען טויל און נישט מיט דיא הענד.

**חינקע:** וואו זענען מיר דען?

**פּינקע:** אין פּאַלאַץ!

**חינקע:** און פאַר וואָס זשע, זעה איך ניט קיינעם?

**פּינקע:** וועמען ווילסטו זעהען? חינקע!

**חינקע:** גיעה זאָג אַז מיר זענען שוין דאָ!

**פּינקע:** שאַ! איך הער מען געהט. (אויפטריט פריץ, פערבייגען זיך)

**חינקע:** (פערשטעלט איהם דעם וועג) פּינקע! ווער איז דער ליץ?

**פּינקע:** אַ קשיה אויף אַ מעשה, אָפשר גאָר איין מיניסטער?

**פריץ:** הי, הי, הי... האַ?

**חינקע:** הי, הי, הי, אַזוי לאַכט אַ מיניסטער?

**פריץ:** ווער זייט איהר?

**פּינקע:** מיר זענען, דער פעטער פּינקע, און די מומע חינקע, און ווער בּיזטו?

**פריץ:** איך בין דער געשייטער פריץ הי, הי, הי...

**פינקע:** דער פערשארטער פריץ? דאס הייסט, אז דו ביזט ניט מעהר וויא א משרת!

**פריץ:** וואס אייגענטליך ווילט איהר דא?

**פינקע:** מיר זענען געקומען זאגען עדות!

**חינקע:** ווער זאגען! וואס זאגען? אז געזאגט זאל איך ווערען א שווארץ קוויטעל צום נייען יאהר, חינקע זאגט ניט! חינקע לישעט! (שרייט).

**פינקע:** אוי לישעט זי!

**חינקע:** איז ניט אונזער גבריאליק'ל אזוי ריין וויא מלאך? וואס איז דאס עפים הפקר א וועלט? קום פינקע, לאמיר זאגען עדות!

**פינקע:** ווארט אוים! ווען וועט מען איהם משפט'ן? און ווי וועט מען איהם משפט'ן?

**פריץ:** אבער מאבען זי ניבט זא אייגען ליארעם, דער פירסט איזט קראנק!

**חינקע:** מיינע צרות אויף זיין קאפ, וואס איז? דינה'לע האט זיך איהם פערגלוסט!

**פינקע:** זיא האט דען ניט רעבט? דינה'לע גאר! קראנק איז ער געוועזן צו ווארפען אנאויג אויף מיין חינקען?

**חינקע:** וואס בעלעמעקעסטו דארט, פינקע?

**פינקע:** איך זאג גלאט אזוי... הער זשע פערשארטער פריץ דו זאגסט אז ער איז קראנק, צו זיין קרענק האב איך א רפואה.

**פריץ:** זי מיינען?!

**פינקע:** זי מיינען, דו מיינסט, ער מיינט, מענסט עס אוים-הערען, אזוי וויא ער וועט נאר אויף שטעהן זאל ער באלד איינעמען א גרויסען לעפעל קאפ-דרעהעניש...

**פריץ:** וויא?

**פינקע:** אין קאפ! אין דער פריה צום פרישטיק זאל ער בעקומען קדחות מיט זויער-מילך, ביי טאג א פולע שיסעל הארצוועהטאג און א פארציע דאגת פרנסה און ביי נאכט זאל ער איינעהמענען א עסלעפעל געהאקטע צרות מיט געזאלצענע וואונדען און אז דאס וועט נישט העלפען וועט

איהם שוין קײַן ד״ר נישט העלפֿען!

**פֿרײַץ:** הי, הי, הי, איך פֿערשטעהע קײַן װילבע.

**חינקע:** מײַן מאַנס טינטסטער!

**פֿרײַץ:** אָבער לאַססעט מיך דאָך ענדליך פֿאַסירען!

**חינקע:** האָסט דאָך אונז נאָך ניט געזאָגט װען װעט מען אונזער גבריאליק׳ל משפט׳ן?

**פֿרײַץ:** װאַס?

**פֿינקע:** װען װעט מען איהם מִשְׁפָּטִ׳ן?..

**פֿרײַץ:** װאַס?

**פֿינקע:** מױשפּויטאָן!

**פֿרײַץ:** װאַס?

**פֿינקע:** ראַבֿטען... רעכֿטען... ריכֿטען...

**פֿרײַץ:** אַך זאָ! זי װיססען נאָך גאָר ניכֿטס, זאָ הערען זי: דער געװיססער גבריאל װאַר שוין צום טוידט פֿעראורטהײַלט, און זאָלטע שוין הײַטע הינגעריכֿטעט װערדען, נור אונזער גנעדיגער הערצאָג...

**חינקע:** עס זאָל איהם נאָר גענעדיגען און גענאַדיגען...

**פֿינקע:** אָבער חינקע!..

**פֿרײַץ:** זאָ הערען זי דאָך מאַראַם קינקע, אונזער גנעדיגער הערצאָג איז פֿון אירגענד װאָ געקאָממען און װאַר פֿורכֿטבאַר נערװעז...

**חינקע:** װאָס איז ער געװעזען?

**פֿרײַץ:** ער האָט זיך זאָ שלעכֿט געפֿיהלט װי פֿון נערװיססענס ביססע.

**פֿינקע:** װאוא זהאָט איהם געביסען?..

**פֿרײַץ:** הי, הי, הי.

**פֿינקע:** נו, װאָס היזועסט דו, לאָשיק דערצעהל װײַטער!

**פֿרײַץ:** זאָ האָט דער גנעדיגער פֿירסט בעפֿאָהלען דיא הינריכֿטונג אויפֿצוהאַלטען.

**חינקע:** נאָך אַ מאָל! װאָס האָסט דו געזאָגט, לאָשיק׳ל? (טרײסעלט איהם) נאָך אַ מאָל... נאָך אַ מאָל...

**פֿרײַץ:** דער גנעדיגער הערצאָג האָט בעפֿאָהלען די הינריכֿטונג אויפֿצוהאַלטען.

**חינקע:** אויפֿצוהאַלטען! דו הערסט פֿינקע?

פינקע: דאָס האָט מײַן פּאַסטעך געהאָלפֿען.

פּריץ: וואָס?

פינקע: מײַן פּאַסטעך!

פּריץ: הי, הי, הי! און ער האָט זאָפּאָרט געשיקט נאָך דעם ד״ר אברהם.

חינקע: נאָך דעם ד״ר אברהם? דו הערסט? פינקע!

פינקע: דאָס האָט מײַן תהילים זאָגען געהאָלפֿען.

פּריץ: וואָס?

פינקע: מײַן תּאַלאָם!

פּריץ: וואָס?

פינקע: מײַן תּוֹלָם!..

פּריץ: הי, הי, הי!

חינקע: וועט אונזער גבריאליק׳ל שוין אַרוֹיס פֿרײַ?

פינקע: דאַרפֿסט נאָך פֿרעגען? אַז דער ד״ר אברהם איז שוין בײַ איהם און איז שוין ווידער מיט איהם אַ גאַנצער שמעלקע איז נאָך אַ שאלה צו גבריאליק׳ל איז שוין ווי בײַ אונז אין קעשענע.

חינקע: אַ שײנעם דאַנק דיר פֿאַר דער בשורה, ווי אַזוי הײסט דו?

פּריץ: דער געשײטער פּריץ הי, הי, הי! (אב).

חינקע: וואו זשע איז אונזער דינה׳לע? זאָל זי אויך הערען די גוטע בשורה!

פינקע: זי איז דאָך מיט דעם דאָקטאָר, זי ווײסט עס שוין מן הסתם פֿריִער פֿאַר אונז.

חינקע: (פֿריילעך) נו, וואָס זאָגסטו, פינקע?

פינקע: נו וואָס זאָגסטו חינקע? יאַ, יאַ, מיר האָבען אַנגרוי־סען גאָט.

בײדע: אוי טאַטע דו ביזט גרויס!
דו שלעפֿסט פֿון אַלע צרות אַרוֹיס.
אוי טאַטע! דו ביזט טאַקע גרויס!
גאָטעניו דו ביזט גרוים!

פינקע: אַז אײנעם טהוט אַ געה מיט די פוטער אראָב
עס ווערט איהם ווינד און וועה
דעם אָטהעם חאַפּט ער קוים אַב.

ער וויינט און קלאָגט אַזוי,
צום אַלטיִטשקען אֶחָד,
איך בעט דיך טאַטע אוי, אוי, אוי,
העלף מיר אין מיין נויט.
הינקע: קומט איהם פלוצלונג אַ ישועה
וואָס ער ריכט זיך ניט,
דער אַלטער מאַכט איהם פאַר אַ בְּרִיָה
עס ווערט איהם פריילאך גוט.
ביידע: אוי טאַטעניו דו ביסט גרויס! (א. ז. וו.)
פינקע: און דער איד געדענקט.
וואָס ער ליידעט איז אַ גוואַלד,
אַז ווי עפּיס נאָר אַ קרענק
בעקומט ער זי שוין באַלד.
פרעה'ס יאָך פון לייִם
אַ וויסטע 40 יאָהר
ירושלים זיין טייער היים
צוויי מאָל צוגענומען גאָר.
הינקע: פרעה'ן גיבסט דו מכות פיעלע
אונז גיבסט דו עססען מָן.
מעקסט אויס פון קאָן די רעמער אַלע
דער יוד בלייבט אייביג דיין.
ביידע: הַיּוֹם הַיּוֹם תְּאַמְּצֵנוּ, הַיּוֹם, הַיּוֹם תְּגַדְּלֵנוּ
אוי, היום היום (ביס) תְּבָרְכֵנוּ
אוי, היום, היום תִּדְרְשֵׁנוּ לְטוֹבָה (ביס. ביידע טאַנצען אַב. פערוואַנדלונג

---

ביים הערצאָג, איין זאַל, דער הערצאָג ליעגט קראַנק.
אויפטריט ד"ר אברהם.

ד"ר: איהר זייט קראַנק?
הערצאָג: ווער זאָגט עס? ניין, איך בין געזונד! איהר פרובירט מיין קראַפט (שטעהט אויף) איך שטעה פעסט און שטאַרק, וואָס גלויבט איהר, דאַס איין ווייבעס אויגע האָט מיר מיין קראַפט געבראָכען? עס וואַר נור איין שערץ... איין ציים פערטרייב, איין שפאַס. זייט איהר ניכט ד"ר אברהם?

ד״ר: אייער טרייער דינער.

הערצאג: (גיט איהם די האנד) וויא שלאגט מיין פולס? ראש? לאנגזאם?

ד״ר: (האלט ביים פולס) איהר פיבערט, אייער בלוט יאגט וויא פייער אין אייערע אדערען.

הערצאג: בין איך אלזא דאך קראנק?

ד״ר: ליידער!

הערצאג: ד״ר, איך וויל אייך די ווארהייט געשטעהן, יא איך בין קראנק, העלפט מיר ד״ר, איך געה צו גרונדע!

ד״ר: נור ווידערהאָלען קאָן איך מיינע ווארנונג, שאָנעט אייך, צערשטערט ניכט אייגענמאכטיג אייערע געזונדהייט, צער־שטערט ניכט מיט אייגענער האנד אייער לעבען, פאָלגט מיינעם ראטהע און איך גאראנאטיר אייך איין לאנגעס לעבען.

הערצאג: ווארום ד״ר, ווארום פליהט פאן מיר דער שלאף, מיך פערפאָלגען שוידערהאפטע געדאנקען, מיר ברענען מיינע אויגען, זעהט דאָרט די שטאָדט זי רוהט, 1000־דע ווערען פון שלאף בעגליקט נור מיינע שטורם־בעוועגטע זעעלע פליהט. ווארום איז דאס? ווארום?

ד״ר: דאס איז די שטימע אייערעס געוויסענס, יא הער! אייך קוועלט אייער געוויסען. הערעט מיך מיין גנעדיגער הער־צאָג, זייט יאהרען לאנג גיעב איך אייך פראָבען מיינער טרייע אונד מיינער קונסט.

הערצאג: יא, יא, דאס איזט וואהר!

ד״ר: איך קענע אויך אייער הערץ, איך בין פערטרויט מיט אלען אייערען קרעפטען מיט אלען אייערען ווינשען, עס איז גוט אונד עדעל, געהארכעט דער שטיממע אייערער גוטען געוויסענס, נעהמט אויף אייערע זעעלע קיינען מאָרד! איין אונשולדיגער ווירד דאָרט צום טאָדע געפיהרט.

הערצאג: ניין, איך האבע די הינריכטונג פערשאָבען.

ד״ר: דאך ניכט אויפגעהאָבען! האהייט! ווער וויים עס בעססער אלס זי, דאס ער אונשולדיג איזט, פאָלגט אייער גוט הערץ זאגט עס פריי הערויס, איזט ער שולדיג?

הערצאג: אונשולדיג!

ד״ר: אָה! זעגנע אייך גאָטט פיר דיעזעס וואָרט!

**הערצאג:** יא! אונד נאך היינטע זאל ער זיינע פרייהייט בעקאמען!

**ד"ר:** דאס האט מיין גערעכטער הערשער געשפראכען? אוה לאסט מיך קניהענד אייערע הענדע קיסען (קיסט).

**הערצאג:** ד"ר! איהר זייט מיין טריישטער פריינד, מיין גוטער ענגעל, איך דאנק אייך, נון גיעבט מיר טינטע אונד פעדער! דאך ניין, ניין, מיינע הענדע ציטערן צו זעהר - געהט מיין פריינד לאסט אויספערטיגען דאס פאפיער און ברענגט עס מיר צום אונטער שרייבען געהט! פערוויילט ניכט לאנגע איך ערווארטע זי!

**ד"ר:** (הויבט די אויגען) לב מלכים ושרים ביד ה' (אב, אויפטריט אדריאן).

**אדריאן:** גוטע נאכריכט! נאך ניע ווער אייער ציעל זא נאהע וויא יעצט.

**הערצאג:** האט דיך די העלע פלעצליך אויסגעשפיגען? סאטאן?! פארט! קיינע זילבע מעהר פון יענעם ווייבע געגנוג! איך ליעבע זי ניכט מעהר!

**אדריאן:** וואלעט איהר אייך דען זעלבסט טיישען? ווער זיהט עס ניכט דאס איהר זי לײדענשאפטליך ליעבט? גלייכט הענד, נאהע ביס צום וואהנזין.

**הערצאג:** גרויזאמער קוועל גייסט! ווארום ביסט דו געקאמען מיך מאטערען? ווארום באהרסט דו מיר די פפיילע נאך טיעפער אין מיינע וואונדען? (באזער) פערלאסע מיך, פערלאסע מיך.

**אדריאן:** (געהט, קאמט צוריק) האהייט! דארף איך בעפאר איך געהע נאך איין ווארט זאגען?

**הערצאג:** וואס ווילסטו?

**אדריאן:** זי איזט יעצט היר אין פאלאסט און איהרער נאהע הייטע וויל איך זי אין אייערע ארמע פיהרען.

**הערצאג:** אדריאן! זאגען מיר ווילסטו מיך פאן זינען ברינגען?!...

**אדריאן:** ניין מיין פירסט, דער העכסטע וואונש איהרעס לעבענס זאל ענדליך אין ערפיהלונג געהען!

**הערצאג:** אדריאן! דו ביזט מיין דעמאן!

**אדריאן:** נײן אײַער גוטער ענגעל בין איך, אײַער ערגעבענסטער! אײַער טרײסטער! אײַער וואהרער פרײנד! אײך זאָיל לײַדען צו זעהן גיבט מיר קײן רוהע, אונד ווארום זאָלט איהר זאָ לײַדען? ווער זײַט איר אײן הערצאָג אָדער אײן אונטערטהאַן? אײנע פרוי אוים דעם פאָלקע און דאַצו אײ-ע יודין זאָל איבער זי טריאומפפירען?!... אונווילקיר-ליך האַבע איך געהערט ווי אײַער יודישער ד"ר, האָט אײך מאָראַל געפרעדיגט, אַבער ווארום מײן הערצאָג, האָט אײך דיעזער שלויער יודע אײנע עהנליכע געשיכטע אוים דער ביבעל פערשוויגען? וואַס ערצעהלט אונז דיא ביבעל פון דעם קעניג דוד! גראַדע זאָ ווי זי, האָט אויך קעניג דוד זיך פער־ליעבט אין אײנע פערהײראַטעטע פרוי מיט דעם נאַמען בת שבע, נון וואַס האָט ער געטהון? האָט ער זי אויפגע-געבען, ווײַל זי שאָן אײנען מאַן האַטטע? נײן! ער האָט איהר מאַן אין דען זיבערען טוידט געשיקט אונד זײַן הער-צענס-וואונש איז ערפילט וואָרדען. נון מײַן הערצאָג וואָלט איהר דען פרימער זײַן אַלס קעניג דוד? נײן, דאָס איזט דאַס רעכט אײ-עם הער-ערס! מאַן איזט ניכט אומזאָנסט אײן געזאַלבטער גאָטעס! —

**הערצאָג:** דו מאַגסט רעכט האַבען.

**אדריאן.** ניכט וואַהר איך האַבע רעכט? ווײַל אוים מיר שפריכט די וואַרהײַט, אויפריכטיגקײַט, ערגעבענהײַט אונד טרײַע, ווײַל איך קײן יודע בין! זעהט מײַן הערר אונד נעביטער, ווי ווײַט איהר בעטראָגען זײַט פאָן דעם יודישען פלאַסטער-שמירער, אָבגעראַטהען האָט ער אײך פאָן אָנפאַנג פאָן דיעזער דינה'לע, אַבער ווײַסט איהר ווארום ווײַל ער איהר אָנקעל איזט!

**הערצאָג:** איהר אָנקעל? דאַפאָן האָט ער מיר ניכט געזאַגט אײן וואָרט.

**אדריאן:** נאַטירליך אום אונפאַרטײאיש צו שײַנען.

**הערצאָג:** דיעזער הײכלער!

**אדריאן:** הײכלער אונד בעטריגער ווי מאַן ניכט אַנדערש פון אײן יודען ערוואַרטען קאַן, פאָן אײנעם מאָרד אויף אײַערעם געוויסען האַט ער דאַ פאָרגעפלוידערט, אַבער ווער

מײַן הערצאָג ווער גאַראַנטירט אונז, דאַס דיעזער גבריאל האָט אײַך ווירקליך ניכֿט געקאַנט? ער איזט יאַ אויך אײַן יודע אונד עבען זאָ שלוי, עבען זאָ הינטערליסטיג, עבען זאָ פֿאַלש, ווי דיעזער הײַכֿלערישע ד״ר אונד אַלע זײַנע גלויבענס־גענאָססען. בעגנעדיגען וואָלעט איהר איהן? אײַן יודע וואַגט אויפֿצוהעבען זײַנע האַנד געגען אײַנען הערצאָג אונד זאָלכֿע אײַנע האַנד זאָל נאָך גאַנץ אין קערפּער בלײַבען? אָה מײַן געביטער! עפֿנעט ענדליך דאָך אײַערע אויגען אונד זעהט ווער אײַער פֿרײַנד איזט אונד ווער אײַער פֿײַנד (פֿאַלט אויף די קניע) היר קניע איך פֿאַר אײַך, דאַ איז מײַן הערץ, דורכבוירט עס מיט אײַערעם שווערטע, לאַסט מײַן בלוט פֿליסען ווען עס אײַך נור פֿערגניגען מאַכֿט, דען מײַן לעבען געהערט נור אײַך אונד מיט פֿרײַדען געבע איך עס פֿיר אײַך און פֿיר אײַער וואָהל...

הערצאָג: שטעה אויף מײַן אַדריאַן! ניכֿט דען גרינגסטען צווײַפֿעל האַבע איך מעהר געגען דײַנע טרײַע צו מיר, אונד געגען דײַנע אויפֿריכֿטיגקײַט, יאַ דו האַסט רעכֿט... אין אַלעם וואַס דו מיר געזאַגט האַסט... ביזט דו... גערעכֿט... דאָך יעצט צוריק צו איהר... הײַטע זאַגסט דו?

אַדריאַן: הײַטע מײַן הערצאָג ווירד זי אײַערע זײַן, איך האַבע ניכֿט געשלאָפֿען, ניכֿט גערוהט ביז איך דיעזען זיכֿערען פּלאַן אויסגעפֿיהרט האַבע, הערט מיך מײַן הערצאָג... דאָך דאָך... אײַער יודישער ד״ר קאָמט! איך זאַגע עס שפּע־טער... (אויפֿטריט ד״ר אברהם מיט פּאַפּיער).

ד״ר: היער מײַן גענעדיגער הערצאָג, דיא בעגנאַדיגונגס שריפֿט איז פֿערטיג, אַללעס וואָס עס פֿעהלט איזט נור איהרע אונטערשריפֿט... (ערבליקט אַדריאַן, שטיל) דיעזע גיפֿטיגע שלאַנגע אין זײַנער זײַטע?!.. (צום הערצאָג) די בעגנאַדיגונג איזט עס מײַן הערצאָג פֿאָן יענען אונשולדיגען.

הערצאָג: (בּאָזע) הער דאָקטאָר! (צורייסט עס).

ד״ר: (ציטערט) דאַרף איך מײַנען הערצאָג אום דיא אורזאַכֿע דיעזער אומוואַנדלונג פֿראַגען?

הערצאָג: איך בין דאָך דיר קײַנע רעכֿענשאַפֿט שולדיג!.. יודע!.. דײַנע האַנד מײַן אַדריאַן (אַב, אַדריאַן שפּאָטעט).

**ד"ר:** (נאך פויזע, שלוכטשט) צערריסען!.. אונד דאמיט האט ער אויך דיין יונגעס לעבען צעררישען, גבריאל! מיין אונשולדיגעס קינד!.. אונד דאס איזט דיינע דאנקבארקייט צו מיר פיר מיינע יאהרען לאנגע מיהע אום דיין לעבען? דו האסט עס ניכט איינמאל דער מיהע ווערט געהאלטען מיר צו אנטווארטען, חא, חא, חא (לאכט). אבער ווארום וואונדערע איך מיך? מיט איינעם איינציגען ווארט האט ער דאך אללע מיינע פראגען בעאנטווארטעט... יודע!.. יא דו וואנדערנדע יודע, איבריג ביזט דו איבעראל וואהין דוא קאמסט וויא טריי דו אויך דעם לאנדע דינען מאגסט, איין גר בלייבסט דוא אין איינעם פרעמדען לאנדע... יא, יא! שאן צייט ארונטער ווארפען פון זיך די שווערע קייטען און אלע יודען זאלען זיך פערייניגען אללע צו זאמען, אללע ווי איין האנד קעמפפען פאר א אייגענע לאנד! (אב. אויפטריט הערצאג, אדריאן).

**הערצאג:** יא מיין טרייער אדריאן, דיין פלאן איז גוט אויסגעראכט, אלזא געה אונד מאך אללעס בערייט.

**אדריאן:** מיין געביטער וויר מיט זיינעם טרייען אדריאן צו פריעדען זיין!.. (אב. אויפטריט פריץ).

**פריץ:** די יודין דינה!

**הערצאג:** דינה האסט דו געזאגט!.. היער פריץ, דיזען רינג פיר דיין מעלדונג (גיעבט איהם זיין רינג)

**פריץ:** הי, הי, הי, איך דאנקע (געהט, קעהרט צוריק) מיין הערצאג, דארף זי קאמען?

**הערצאג:** (באזע) דו פרעגסט אב זי קאמען דארף? פראגע אב דו געהן קאנסט אונד צום טייפעל געהע פיר דיזען פראגע!

**פריץ:** אדער ער שיקט מיך צום טייפעל אדער צום קוקוק! הי, הי, הי (אב, אויפטריט דינה, ד"ר אברהם).

**הערצאג:** דיזער אלטער וואס וויל ער?!

**דינה:** הערר! עס איזט מיין צווייטער פאטער!

**אברהם:** ענטריסען איז איהר, דער מאן! דארף ניכט דער פאטער זי בעגלייטען?

**הערצאג:** ביסט דו איהרע צונגע, איהר אויגע, איהר נע-

דאַנקע, איהר וואונש? קען זי אהן דיר ניכט רײדען!

**ד"ר:** הערר! עס וואַר איהר וואונש.

**הערצאָג:** און מײַן וואונש איז דאָס דו פאָרט געהעסט!

**דינה:** אָנקעל, געה! געה!

**ד"ר:** איך האַבע דיך געוואַרנעט קינד... דו האסט דיך געוואגט אין איין לאָווען גרוב...

**דינה:** וואָס האַב איך צו פערליערען, מײַן לעבען? וואס נוטצט עס מיר אָהנע מײַנען מאַן! געהע גוטער אָנקעל!.. גאָט איז מײַן שיצער (ד"ר אברהם אב קלאָנענד; גאָט, שיטצע מיינע דינה'לע).

**הערצאָג:** אונד נון! זיי מיר הערצליך ווילקאָמען הימלישע דינה! דו קאָמסט אבער זאָ פלעצליך ווי איין גראָסעס גליק, וועלכעס אונערוואַרטעט קאָמט, וואַרום האַבע איך דאָס ניכט פריהער געוואוסט אום דיעזע האַלען אויסצוציערען פיר דײַנען עמפּפאַנג?

**דינה:** זײַט ווען איזט עס זיטטע די האַלען אויסצוציערען, ווען איינע אַרעמע ביטענדע יודען זיך נאַהט? נײן הערר! צו אײַך געטריבען האַט מיך נור אונגליק, אויף מײַנעם געזיכטע קענט איהר נור טרויער אונד קומער לעזען, (קניעט) גנאַדע הערר, גנאַדע! זעהט אַ אונגליקליכע צו אײַערען פיסען... זײַט געראַכט. אָב איהר מענשליך פיהלט, מאַרטערט ניט מײַנען אונשולדיגען מאַן, גנאַדע הערר, גנאַדע! (וויינט).

**הערצאָג:** שטעה אויף! דינה אונד הערע מיך!.. שטעל דיר פאָר אין דײַנער פאַנטאַזיע, וואָס פיר גליהענדע מאַרטער איך ליידע, זײַט איך האָב דיך ערבליקט. גנאַדע ביטעסט דו? דו ביטעסט גנאַדע פיר אײַנען אַנדערען, בעגנאַדיגע דו מיך זאָ ווערדע איך דיך בעגנאַדיגען. שענק מיר דײַנע ליעבע, ווערדע איך דײַן מאַן, זײַן לעבען שענקען (קניעט).

**דינה:** איינע שלאַנגע לעבט בעפאָר זי פערגיפטעט.

**הערצאָג:** (שפרינגט אויף) שלאַנגע נענסט דו מיך?

**דינה:** יאַ! שלאַנגע האַב איך געזאַגט, דען איהר ווילט מײַן לעבען פערגיפטען... אום הילפע בעטען בין איך צו אײַך געקאָממען, בעטען, ווי מען צו גאָט בעטעט, און אַם

ענדרע זעה איך פאר מיר נור איינען שקלאפען צו זיינע ווילדען העסליכען ליידענשאפט...

**הערצאג:** בעדענקע, דינה, דיין מאן האט נור נאך געצעהל־טע מינוטען צום לעבען.

**דינה:** שטערבען זאל ער! שטערבען מוס ער! געה הענקער ענטרייסע מיינען ליעבען מאן! נעהם איהם דאס אונשול־דיגע לעבען... אבער דאס איז אלעס וואס דו טהון קאנסט... ווייטער געהט דיינע מאכט ניכט, מיך מיט מיי־נען מאן אים טאדע צו פעראייניגען, דאס קענסט דו מיר ניכט פערוועהרען!... געה גבריאליק'ל! געה צום טאָ־דע!.. דיין דינה'לע קומט דיר באלד נאך (פון הינטער די קוליסען הערט מען א טרויער מארש שפיעלען).

**הערצאג:** דו הערסט?! ווייסט וואס דיעס בעדייטעט? דער פעראורטהיילטע ווירד יעטצט צו היגריכטונג געפיהרט, איך וואשע מיינע הענדע ריין, יעצט ביסט דו זיין מערדע־רין, בעזינע דיך!... איך געבע דיר א קורצע צייט צו איבערלייגונג... ענטשיידע דיך קינד (אב).

**דינה:** הימעל! איזט עס וואהר דאס דיך ענגעל בעוואהנען? זא שיקע מיר איינעם ער זאל מיר קראפט געבען אויסצו־האלטען דיעזען שרעקליכען נסיון... (פון הינטער די קו־ליסען הערט זיך גבריאל'ס קרעכצען) אה! דיינע שטימע איז עס מיין גבריאליק'ל! אה! ווי דיינע יאמערפאלע טענער מיר מיינע זעעלע צו שמעטערן! אבער וואס קען איך טהון? זאל איך דיין לעבען מיט מיינע שאנדע רעטען?! ניין, ניין! מיינע אונטרייהייט ווירד דיך נאך גרויזאמער טויד־טען — ווי דאס בייל פון הענקער... שטארבען מוסט דו מיין גבריאליק'ל!... שטארבען!... (פאלט, הערצאג קומט אריין וויל איהר אויפהויבען, דינה שפרינגט אויף) צוריק, בע־ריהרע מיך ניט!

**הערצאג:** דינה'לע, די צייט איז אוים, איך בין געקומען הערען דיינע אנטווארט.

**דינה:** ניין, איך האלט עס נאך אימער פאר אונמעגליך, דאס די ערדע זאל אויף זיך זאלכע שלעכטע באזע מענשען טראגען. הערר! זאגט מיר, דאס אלעס נור א שפאס ואר, דאס איהר

אײַך איבער מיר לוסטיג מאַכט, דאַמיט איהר מיך שפּאָטער אויסלאַכען קענט, נײַן! זאָגט עס מיר, ווערדע איך אויך לאַכען (לאַכט היסטעריש).

**הערצאָג:** אויב דו גלויבסט עס איז נאַר אַ שפּאַס זאָ איבערצײַינגע דיך מיט דײַנע אײַגענען אויגען (מען ערזעהט דאס בילד אויף'ן עשאַפאָט).

**דינה:** (דערזעהט דאָס בילד) גאָט העלף מיר!

**הערצאָג:** מיט דיעזען טאַשענטוך ברויך איך נור אַ צײַכען געבען און זײַן קאָפּ װעלצט זיך אין בלוט... שפּריך! זאָל ער שטאַרבען?!

**דינה:** גרויזאַמעם שיקזאַל! גאָט! איך בין נור אַ ווײַב... דו נור אַליין ווייסט וואָס איך לײַדע יעצט!... געבע מיר קראַפט!... פערלאַססע מיך ניכט...

**הערצאָג:** צום לעצטען מאַל!... זאָל ער שטאַרבען?... (הויבט אויף זיין טאַשענטוך, דער הענקער הויבט דאס בייל איבער גבריאל'ס קאָפּ).

**דינה:** האַלט אײַן!!! (ענטרייסט איהם דאס טאַשענטוך, הערצאָג אומאַרמט זי, ווינקט, גבריאל הויבט אויף זיין קאָפּ).

פאָרהאַנג פאַלט.

---

## דריטער אקט.

(גבריאל'ס צימער בעהאַנגען מיט בלומען).

**חינקע:** (שטעהט אויף אַ טרעפּ פערציערט דאס צימער מיט בלומען, שרייט): פינקע!

**פינקע:** (פון הינטער די קוליסען) וואָס איז חינקע?!

**חינקע:** קום אַהער דערלאַנג מיר!

**פינקע:** איך האָב קײַן צײַט ניט!

**חינקע:** וואָס?! האָסט גאָר קײַן צײַט ניט, ווען איך רוף דיך?!... נאָ וואָס זאָגט איהר צו אַזאַ חוצפּה פון אַ מאַן?!... פינקע! ווילסטו קומען צו מיר אָדער זאָל איך זיך מטריח זײַן צו דיר...

**פינקע:** נײַן, נײַן! מאַמעניו חינקעניו זײַ דיך ניט מטריח!.. איך געה... איך פליה... אָט בין איך שוין דאָ...

(ערשיינט) דו מיינסט אז איך בין דארט געשטאנען לחריג? דארט איז דאך גבריאליק'לס צימער וואו ער מאלט זיינע בילדער און דארט שטעהען זיינע פארבען, קוק נאר וואס איך האב אויסגעמאלט (צייגט איהר א טאָוועל).

**חינקע:** וויא אזוי מאכט ער?

**פינקע:** ברוך הבא. דאס וועלען מיר דא אויפהענגען איבער די טהיר און אז גבריאליק'ל וועט קוממען א היים אי"ה זאל ער זעהען וואס זיין פעטער פינקע מיט זיין מומע חינקע האבען איהם אנגעגרייט פאר א איבערראשעכטס לכבוד זיין בעפרייאונג.

**חינקע:** (קלאפט אן איבער די טהיר) פינקע!..

**פינקע:** וואס איז חינקע?...

**חינקע:** רינה'לע וועט מן הסתם קוממען מיט איהם אין איינעם?!

**פינקע:** דארפסט נאך פרעגען? זי איז דאך זיין גוטער שליח, א קליינינקייט! שוין איז געלעגען דער חלף אויף זיין האלדז און שיער, שיער איז אונזער גבריאליק'ל געוועזען עליו השלום...

**חינקע:** ווער פערשטוממט!...

**פינקע:** איך זאג דאך, „שיער"...

**חינקע:** אוי! דורך אזא „שיער" איז דאך אונזער מוטער שרה געגאנגען פון דער וועלט!

**פינקע:** (אן אזייט) אוי, אויף מיין חינקען נעזאגט געווארען.

**חינקע:** וואס בלימעקעסט דו דארט?

**פינקע:** איך זאג גלאט אזוי... הער זשע, פלוצים הויבט מען איהם אויף דעם קאפ... און מען זאגט איהם, געה א היים דו ביסט פריי.

**חינקע:** א גדולה אויף דער מומען!

**פינקע:** וויל זי האט מרעיש עולמות געוועזען, וויל זי האט געריסען די ערד אונטער זיך.

**חינקע:** זי איז דאך געגאנגען צום הערצאג, א יא?

**פינקע:** געגאנגען זאגט זי, זי איז געפלויגען.

**חינקע:** און מיט איהרע טרעהרען האט זי זיין לעבען אויס-געוויינט, א יא?

**פינקע:** זי האט זיך פשוט געלייגט אין דער לענג און אין

דער בריִיט! אוי, איז דאָס אַ דינה'לע!

**חינקע:** זעהסטו שוין וואָס אַ ווייַב איז?

**פינקע:** נישט אַלע ווייַבער זענען אָבער דינה'לעך, עס זענען דאָך דאָ חינקעלעך אויך.

**חינקע:** אַ וועהטאָג דיר אין פּיסק! וואָס איז? פון דיין חינקע האָסטו עפּיס אַ קזשיווּדע? (דראָהט איהם) וועניג טהו איך פון דייַנעט וועגען?

**פינקע:** חלילה, חלילה, פערקעהרט דו טהוסט נאָך צו פיעל פאַר מיר... הער מיך חינקע לעבען, אַז גאָט ברוך הוא האָט אונז בעוויזען אַזאַ נֵס און אונזער גבריאליק'ל איז נצול געוואָרען פון טויט, איז היינט אַזוי גוט ווי אַ יום טוב.

**חינקע:** נוא?..

**פינקע:** נוא, נוא... (האַלט זיך ביי דער באַק) וויל איך ניט דו זאָלסט מחלל יום טוב זיין.

**חינקע:** גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָהנט, געה רוף צונויף אַ מנין יודען!

**פינקע:** צו וואָס טויג דיר אַ מנין יודען?

**חינקע:** כדי גבריאליק'ל זאָל בענטשען בוימעל.

**פינקע:** וואָס עפּיס בוימעל, פאַר וואָס ניט עססיג? חאַ... חאַ... חאַ... גומל מיינסט דו?! גומל בענטשט מען אין שוהל. — איך האָב דאָ אין דער היים אַ בעסערע איבעראַשעניק פאַר איהם אָנגעגרייט, דו וועסט שוין הערען.

**חינקע:** וואָס זשע וועל איך הערען?

**פינקע:** אַ קאַפּעללע!

**חינקע:** אַזוי ווי אַ חזן מיט משוררים.

**פינקע:** משוררים זאָגט זי?! קאַנאַריקלעך, וואַרט וועסט דו עפּיס הערען... (לויפט צו צום טהיר) קינדער קומט אַריין (קינדער ערשיינען) אַ נו לאָמיך הערען, צו איהר געדענקט וואָס איך האָב אייך אויסגעלערענט (ער צעהלט) איינס, צוויי, דריי, פיער.

**קינדער כאָר:** געבענטשט זאָלט איהר זיין,
געזונד זאָלט איהר זיין,
יאָ, רייך זאָלט איהר זיין
און, שטאַרק זאָלט איהר זיין

גליקליך, גליקליך,

זאָלט איהר זיין, אָמן.

פינקע: וואָס זאָגסטו חינקע?!

חינקע: א מחיה!

פינקע: קענט איהר קינדער ברכות אלע?

קינדער: יאָ מיר קענען גוט!

פינקע: ענטפערט מיר אויף יעדערע שאלה.

קינדער: נאָ פאר וואָס דען ניט?

פינקע: וואָס פאר א ברכה איז איבער נייע קליידער?

קינדער: מלביש ערומים!

פינקע: ווען דאָס ווייב רעגענט מיט קללות כסדר?

קינדער: משנה עתים!

חינקע: א שלעכטער מאן, ווען די ערד נעמט צו?

קינדער: ברוך דיין אמת!

חינקע: זי ווערט אויסגעלייזט, א יונגען קריגט זי?

קינדער: ברוך מחיה מתים!

פינקע: פון דעם צווייטען מאן חאפט זי קלעפ.

קינדער: ברוך שפטרני!

פינקע: ער ווארפט זי אראפ פון אלע טרעפ?

קינדער: שלא עשני!

פינקע: איין ברכה איז דאָ, די בעסטעניאָ

ענטפער מיר חכמיל מיינס!

קינד: (סאלא) דאָס איז די גרעסטע ברכה. די בעסטע

פאר אלע גוטע פריינד ברוך הבא!

ווען ס'איז געלונגען, אויף שמחות זינגען

איז נור די בעסטע ברכה, ברוך הבא!

אוי ברוך, אוי ברוך, אוי ברוך הבא!!! (קינדער טאנצען).

פינקע: ווען עס וועט געזונד א גרויסער חולה?

קינדער: רופא חולים.

פינקע: אז א חזן ווערט א יונג א וואלער?

קינדער: משנה עתים.

פינקע: א מויד וואָס לעזט א סך ראָמאנען?

קינדער: מתיר אסורים.

פינקע: זי ווערט דיק און פעט מען ווייסט נישט פון וואנען?

קינדער: מַלבּיש עֲרומים

חינקע: איין אַלטע מויד שטאַרבּט אָט אָט?

קינדער: בָּרוּךְ דַיַּן אֱמֶת.

חינקע: פֿאַר געלד אַ גוטען חתן זי האָט?

קינדער: בָּרוּךְ מְחַיֵּה מֵתִים.

פינקע: דער בחור שינד פֿון איהר אָב די הויט?

קינדער: בָּרוּךְ שֶׁפְּטָרַנִי.

פינקע: זי ווערט אוים כלה, ווייטער מויד?

קינדער: שֶׁלֹּא עָשַׂנִי.

פינקע: איין ברכה איז דאָ די בעסטעניאָ זאָג זשע מיר חָכמיל מיינס!..

קינד: (סאָלאָ) דאָס איז גרעסטע. . . (א. ז. וו.)

פינקע: נו חינקע, וואָס זאָגסט דו צו דיין פינקען?

חינקע: קום אַהער פינקע צו דיין חינקען, פֿאַר דעם ברוך הבא ביזט דוא ווערט אַ קוש (קושט איהם).

פינקע: אַ קוש ווי אַ סאָלדאַט.

חינקע: פינקע! זעה נאָר ווער עס געהט אַהער, ד״ר אברהם!

פינקע: דער ד״ר? איהם קומט אויך אַ ברוך הבא

(די קינדער זינגען: געבענשט זאלט איהר זיין א. ז. וו. אויפטריט ד״ר אברהם).

ד״ר: (ווינקט צום שווייגען) וואָס איז דען דאָס?! שאַ, שאַ!

פינקע: דאָס איז אָנגעגרייט פֿאַר אונזער גבריאליק׳ל אַ אי־בערראַשעכטס! האָב איך געוואָלט ד״ר לעבען אַז איהר זאָלט עס אויך הערען

ד״ר: ווי עס שיינט ווייסט איהר פֿאָן ניכטס?

ביידע: וואָס זשע?

ד״ר: ערשט שיקט אַרוים די קינדער.

פינקע: געהט קינדערליך, געהט! (קינדער אב) וואָס זשע איז שוין ווידער עפּיס געשעהען?

חינקע: איז גבריאליק׳ל נאָך ניט פֿריי?

ד״ר: יאַ ער איז פֿריי, אָבער אום וועלכען פּרייז.

ביידע: וואָס הייסט?

ד״ר: איך האָב דינה׳לען געוואָרענט ווי איין פֿאָטער, איך האָב איהר געוואָרענט זי זאָל זיך צום הערצאָג ניכט צייגען, זי

האָט אָבער מיר ניט געוואָלט הערען.

**פינקע:** נוא?..

**חינקע:** אַבראָך איז דער מומען, האָט זי איהם דען ניט אָפגעראַטעוועט מיט איהרע טרעהרען?!

**ד״ר:** ניין, ניכט מיט איהרע טרעהרען זאָנדערן מיט איהרער שאַנדע!

**ביידע:** שְׁמַע יִשְׂרָאֵל!

**פינקע:** אָבער ד״ר לעבען! פון וואַנען ווייסט איהר דאָס?

**ד״ר:** איין פאַוש פון פאַלאַסט האָט מיר עס ערצעהלט, מען האָט זי געצוואונגען צו צוזעהען ווי דאָס בייל פון הענ-קער האָט געשוועבט איבער זיין קאָפּ, דיזער שוידער-האַפטע אַנבליק האָט זי אין זאָלכער פערצווייפלונג גע-בראַכט, דאָס זי זיך ווי איינע וואַהנזיננינגע אין די אַרמע דיזעס שוואַכזיניגען פירסטען געוואָרפען האָט. יעצט איז זי דאָרט אין פאַלאַסט איינע געפאַנגענע געבליבען, אַלערליי מיטלען ווערדען אָנגעווענדעט אום איהרע זיננע צו בערוישען און אָהנע צווייפעל ווירד זי אָדער זי איז שוין צום אָפּפער געפאַללען...

**פינקע:** אָט, האָסטו דיר אַ ברוך הבא! (וויינט)

**חינקע:** און גבריאליק׳ל? ווייסט ער שוין פון זיין בראָך?

**ד״ר:** ניין, דער אַרמע ווייסט נאָך פאָן ניכטס. איך בין דאַרום הער געלאָפען בעפאָר ער קאָממט, דען ערפאַהרען מוס ער עס, עס איז קיין געהיימניס מעהר... זאָ זאָל ער עס בעססער פון אייך ערפאַהרען איידער פון אַנדערע... זעהט איהם דאָס פאָרזיכטיג און לאַנגזאַם צו ענטדעקען, איך געהע, דען איך פירכטע זאָלכע שאָנדליכע גרויל-טהאַט קאַן איהם נאָך גאַנץ ניעדער-שמעטערן... איך קאָמע דאַן און ווערדע זעהען וואָס ווייטער צו טהון איזט, געדענקט אַליאָ (אַב).

**חינקע:** וואָס זאָגסטו עפּיס דאַצוא?

**פינקע:** וואָס איך זאָג? אוי ווייבער, ווייבער!

**חינקע:** וואָס?!..

**פינקע:** אַז ניט געדאַכט זאָלט איהר ווערען!

**חינקע:** וואָס?!..

**פינקע:** ווער זענט איהר? — גענז, וואָס האָט איהר! — לאַנגע האָר.

**חינקע:** אַז בעקומען זאָלסטו...

**פינקע:** וואָס?!

**חינקע:** נאַ דיר 88 שוואַרצע יאָהר...

**פינקע:** וואָס?

**חינקע:** אַז עס זאָל אויף אייך אַלע מענער קומען אַ...

**פינקע:** שטיל! מיילע מיך מענסטו פאַטשען אַ ברירה האָב איך, — איך בין דאָך דיין מאַן, אָבער וואָס האָסט דו צו זיי (ציינט אויף דאָס פובליקום) צו די ביסי׳ מאַנסלייט.

**חינקע:** פערוויסט זאָלען זיי שוין געוואָרען, אַז דו בינסט זייער מליץ יושר — זאָג נאָר דו, פאַר וואָס האָסטו זיך פלוצלונג אַרויף געחאַפּט אויף אונז אָרעמע ווייבער?

**פינקע:** אַדרבה, איך פרעג דיך אַליין, אַזאַ דינה׳לע, וואָס זי איז שוין כלומרשט די בעסטע פון די עשר מכות, אַז דער ד״ר האָט זי געוואָרענט זי זאָל נישט געהן אין פייער אַריין, פאַר וואָס איז זי געגאַנגען?!

**חינקע:** אַז געהן זאָלסטו שוין וואו איך ווייס!... וואָס דען האָסטו געוואָלט, אַז מען פיהרט איהר מאַן אָבהאַקען דעם קאָפּ זאָל זי בלייבען אין דער היים מיט די הענד פערלייגט... נור איבריגענס קום נור אַהער פינקע! דו געדענקסט ווען אונזער משה׳לע האָט ניט פאַר איצט געדאַכט בעקומען די קינדערישע זאַך?.. געדענקסט ווי דו האָסט געמאַכט פייער אום שבת?!..

**פינקע:** נו, נו?!

**חינקע:** ווייל דו האָסט עפּיס געזאָגט פּיקע... פּיקע... ווי אַזוי האָסטו געזאָגט?

**פינקע:** פּקוח נפש איז דוחה שבת.

**חינקע:** יאָ יאָ! און דאָס איז דאָך אויך געווען פּקוח נפש!...

**פינקע:** וואָס פערגלייכסטו חלול שבת צו... צו... ניט פאַר קיין יודישע טאָכטער געזאָגט געוואָרען?.. נו, גענוג מיט דיינע קשיות!

**חינקע:** (קוקט אַרוים) גבריאַליק׳ל קומט! פינקעניו, טאַטעניו

בלײַב דו און גיב איהם איבער פּאוואָליע די ביטערע בשורה איך האָב קײן הערץ ניט דאַפֿיר צו זײַן... אוי וועה איז דער מזמען, און אָך איז דער מומען... (אַב וויינענדיג).

**פּינקע:** זי האָט קײן האַרץ ניט, און דער ד״ר האָט קײן האַרץ ניט! נור מיך האָבען זיי אויסגעקליבען פֿאַר דעם גבור. ניין! מײַן הערץ איז אויך ניט פֿון שטײן. אוי, ווײַבער! ווײַבער! (אַב וויינענדיג, אויפֿטריט גבריאל, הויפּטמאַן).

**הויפּטמאַן:** נון, היער זינד זי ווידער אין איהרעם הויזע אונד אין נאַמען דעם הערצאָג׳ס—ווידער פֿרײַ. אַבער ליעבער פֿריינד! זינד זי נאָך דען נידער געשלאָגען?!

**גבריאל:** די אונמענשליכע גרויזאַמקײט מיט וועלכע מאַן האָט מיר דאַמאַלס פֿעראורטהײלט, האָט מיך ניכט זאָ איבעראַשט ווי דיעזע פּלעצליכע בעפֿרײַאונג, ווארום איזט עס געשעהען?! וועם האַבע איך דיעזע וואונדערבאַרע רעטונג צו פֿערדאַנקען?

**הויפּטמאַן:** וואָס איזט דען איהנען דער אונטערשיעד? זײַט צופֿריעדען דאַס זי פֿרײַ זינד, איך ווינשע איהנען גליק (אַב).

**גבריאל:** אונבעגרײַפֿליך!.. און בין איך ווירקליך ווידער אין מײַנעם הויזע?!.. אַבער ווארום איסט דעם בעפֿרײַטען, קײנער אַנטקעגען געקאָממען?! (רופֿט) דינה׳לע! הערסטו עס ניכט, פֿיהלסטו עס ניכט, דאָס גבריאליק׳ל איז שוין ווידער אין אונזער הײמעלע?! דינה׳לע ווארום לויפֿסטו ניט אַנטקעגען, לאַכענדיג און זינגענדיג, דײַן געטרײַען גבריאליק׳ל?... הערט מיך דאָ ניעמאַנד? איז דען אַלעס אויסגעשטאָרבען? גאָט, וואָס געהט מיט מיר פֿאָר? (אויפֿטריט פּינקע).

**פּינקע:** (אַפּאַרט) דאָס הערץ ווערט אין מיר צובראָכען... ניין, איך קען ניט אין אַזאַ לאַגע איהם אַליין לאָזען... (צו גבריאל) גבריאליק׳ל!

**גבריאל:** אָה, ענדליך איין מענש!

**פּינקע:** (קוסט און וויינט) קינד מײַנס! גלויבט איז השי״ת אז מען זעהט זיך ווידער.

**גבריאל:** דו ווײנסט?!.. פֿרײַדענטרעהרען ניכט וואהר?!.. נון, אַבער גענוג טרעהרען האָבען מיר שוין פֿערגאָסען, יעצט

זאָל זיך ווידער די פֿריידע אין אונזער הויז צוריק קעהרען. דאָך זאָגט מיר אָנקעל פֿאַר וואָס זעה איך ניט מיין דינה׳לע?... זייט מיינער בעפֿרייאונג ביז יעצט, איז שוין אַ גאַנצער מאָנאַט פֿערגאַנגען, קיינעם האָט מען צו מיר ניט צוגעלאָזען אין יעצט ווען איך האָב דערלעבט מיין הויז ווידער צו בעטרעטען זייט איהר נאָר אַליין די איינציגע זעעלע, וועלכע איך זעה פֿאַר מיר, און זי, מיין דינה׳לע, וואו איז?

**פינקע:** דינה׳לע? זי איז נאָך ניט צוריק געקומען!

**גבריאל:** צוריק געקומען? פֿון וואַנען זאָל זי דען צוריקקומען?

**פינקע:** (אפארט) גאָטעניו וואָס טהוט מען?!

**גבריאל:** אָנקעל, דו קוועלסט מיך נאָך ערגער ווי יענער שווארצער טייפֿעל מיט דען גליהענדען צוואַנגען, וואָרום זאָגסטו מיר ניכּט וואו מיין דינה׳לע איז.

**פינקע:** זי איז נאָך דאָרט!

**גבריאל:** וואו דאָרט?

**פינקע:** ביים... ביים... הערצאָג!

**גבריאל:** ביים הערצאָג?! מיין דינה׳לע ביים הערצאָג?!

**פינקע:** זי איז צו איהם געלאָפען דיין לעבען אויסצובעטען אָבער זי... זי איז נאָך דאָרט געבליבען.

**גבריאל:** גאָט! וועלכער שוידערהאַפֿטער געדאַנק איז פּלעצליך אין מיר אַרײַן, איין געדאַנק דער מיר אַלעס זאָגט. אָנקעל ווען דו ווילסט מיך נישט פֿאָן זינען ברענגען געוויס היים גיעב מיר אָנקעל! איך זעה דו ווייסט אַללעס!

**פינקע:** גבראיליק׳ל, ווען דו זאָלסט וויסען אין וואָס פֿאַר אַ לאגע זי האָט זיך געפֿונען...

**גבריאל:** בעשטעטיגסט אַלזאָ מיינען פֿערדאַכט?

**פינקע:** גבריאליק׳ל! (וויינט).

**גבריאל:** אַנטוואָרט אויף מיינע פֿראַגע! וואָרום פֿערניכטעסט דו מיך טראָפּפֿען ווײַז? גיעב מיר דעם טוידט מיט אַ מאָל, מיט איין וואָרט זאָג מיר דעם אֶמת.

**פינקע:** נעהמט אַרום מיין קינד, מיין אונגליקליכעס קינד! דער ר״ר אברהם איז דאָ ערשט געוועזען און ווי ער האָט ערצעהלט איז דיין דינה׳לע נעבּיך איין אונגליקליכער קרבן...

**גבריאל:** אָ, יאָ! גע׳שענרעט? מײַן דינה׳לע?!.. מײַן פֿרוי?!.. (קוהנמאַכטעט)

**פּינקע:** וועה איז מיר, הילפֿע! הילפֿע! (אויפּטריט ד״ר, חינקע, ד״ר שטאַרקט איהם).

**חינקע:** (וויינט) גאָטעניו, פֿאַר וואָס האָסט דו אויף אַזוינע 2 זיסע קינדערלעך אַזאַ שרעקליך אומגליק אָנגעשיקט? פֿאַר וואָס קומט עס זיי? פֿאַר וואָס?

**גבריאל:** (וויל לויפֿען) לאָסט מיך!

**ד״ר:** (האַלט איהם אָב) אין זאָלבער לאַגע ווי דו יעצט ביסט, וואָס ווילסטו טהון?!

**גבריאל:** צום טוידט האָט מען מיך דאַמאָלס פֿעראורטהײַלט אונד איך וואַר אונשולדיג, יעצט וויל איך שולדיג זײַן: מאָרד פֿיר מאָרד!

**חינקע:** } לאָסט איהם ניט העֶר ד״ר!
**פּינקע:** }

**ד״ר:** בעזינע דיך קינד, וואוהין ווילסטו לויפֿען?

**גבריאל:** דאָרטהין וואו זי איזט!... דאָרט וואו מײַן אומגליקליכען אָפּפֿער געפֿינט זיך!.. דאָרטהין צו יענעם באַנדיט, גאָט פֿון נְקָמָה! האָסטו דו דיך אין דײַנע הימלען פֿערבאָרגען? זאָ וויל איך יעצט דײַנע שטעלע פֿערטרעטען! האָסטו פֿערגעסען דאָס פֿערברעכען צו בעשטראָפֿען? זאָ וויל איך דאָס טהון! ווי איין טיגער אויף זײַן אָפּפֿער זאָ וויל איך אויף איהם לויערן!

**חינקע:** (קוקט אַרויס) דינה׳לע!.. זיא איז עס דינה (אויפּטריט דינה ווי משוגע)

**דינה:** (שטיל) בין איך ווידער אין מײַן היים?.. בין איך ווידער צווישען מײַניגע?..

**אלע:** (אויסער גבריאל) דינה׳לע!!!

**דינה:** וועג! בעריהרט מיך ניט! זען איהר זאָלט וויסען וועלכע שווערעהאַפּטע טהאַט איך בין בעגאַנגען, וועלכע אונערהערטע טהאַט! גבריאליק׳ל!

**גבריאל:** (בעטויבט) ווער איז דיעזע פֿרוי? איך קען זי ניט:

**חינקע:** קינד מײַנס האָסט גאָר קײַן רַחֲמָנוּת אויף איהר אומגליק?!

פינקע: זי איז דאך פארט נישט מעהר ווי איין אומגליקליכער קרבן!

ד"ר: מענש! דו ביסט ניכט וואהל ביים זינען!

גבריאל: בעסער ווערע עס פיר מיך ווען איך אין די שטראסען אלס וואהנזיניגער הערומגעלויפען!... (לויפט צו דינה) דינה'לע! וואס האסטו אויס אונס געמאכט?!... ווארום האסטו געוואגט דארטהין צו געהען?!... מיין לעבען האסטו געוואלט רעטען?!... אבער איז דען מיין לעבען נאך א לעבען, ווען דו מיר פעהלסט?!... דען פיר מיר ביסטו יעצט טויט!... מיר ביסטו יעצט אבגעשטארבען!... דארט אין פינסטערן נאכט מיינעם קערקערס האב איך מיר גליקליכער געפיהלט אלס היינט אין דיינער נאהע. אה!... וואלטען זיי געוועזען מיך 100 מאל ערמארדען, וואלטען זיי אויסגעפונען מיינעטוועגען די גרויזאמסטער מארטער, געלאכט וואלט איך אונד בעטאנצט ווען איך וואלט נור געוואוסט דאס מיין דינה'לע איז מיר נור טריי געבליבען, טריי, טריי (פאלט שלוכטשענד).

דינה: (שטיל) גבריאליק'ל!...

חינקע: זי וויל דיר עפיס זאגען און קען ניט פאר שוואכקייט געהע צו צו איהר.

פינקע: וואו איז דיין הערץ, דיין זעלטען גוטע הערץ צו וועלכען דו האסט איהר אזוי פיעל מאל צו געררינקט אין ליעבע און אין גליק?!...

ד"ר: ניין, דו האסט קיין רעכט זי זא צו בעהאנדלען בעפאר דו האסט זי אויסגעהערט, קאמע דאך, זיי ניכט זא גרויזאם, קאמע, קאמע! (פיהרט איהם צו דינה).

גבריאל: (פאלט פאר איהר שלוכטסט) ניין, ניין, דינה'לע! דו ביסט ניכט שולדיג! וואס האסטו דען נישט געליטען צו ליעב מיר?!... וואס ביסטו דען ניט אויסגעשטאנען אויס גרויסער ליעבע צו מיין לעבען?! נון פערציייהע מיר דינה'לע... ניין, ניכט מיט זאלכע בליקען קוק אויף מיך, די צושניידען מיר מיין הערץ—דינה'לע ערקענסטו מיך ניכט מעהר?!... איך בין עס!... ערוואכע... ערוואכע, ווי קראנק דו זעהסט אויס!... ווי שוואך!... דא צו

מײַן ברוסט דריק צו דײַן זיס פּנים'ל (טהוט עס). רוהע זאַנפּט אויף דײַן גבריאל'ס ברוסט! . . . זאָ ווי דו ביסט שטעטס געוועהנט. . . רוהע זיס. . . (וויל איהרע ליפּען קושען, חאַפּט זיך צוריק)—נײַן!.. נײַן!.. איך קען ניט מעהר דײַנע ליפּען בעריהרען! . . . דיזע ליפּען, וועלכע אײן אַנדע־רער פעראונרײניגט האָט! . . . נײַן, איך קען זי ניכט מעהר אָנזעהען! . . . איהר אַנבליק פערפּעשטעט מיך! . . . איהר אָטהעם איז גיפט! . . . פאַר מיר ביסטו פערלאָרען אויף אויביג! . . . אויף אויביג!

**דינה:** הער מיך, גבריאליק'ל! . . .

**גבריאל:** הערען?! . . . וואָס זאָל איך פון דיר הערען! . . . ווילסט מיר ערצעהלען יעדע אײנצעלהײט דיזער שאַנדע?..

**דינה:** נײַן! פאָן שאַנדע בין איך רײַן!

**אלע:** רײַן!

**גבריאל:** זאָג עס מיר ווידער, זאָג עס מיר 100 מאָל ווידער!

**דינה:** טרײַ איז דיר דײַנע דינה'לע געבליבען, רײַן פון שאַנדע בין איך, דאָך. . . ניכט רײַן פון מאָרד.

**גבריאל:** וואָס זאָגסטו?! . . .

**דינה:** געבליבען בין איך אין זײַנער האַנד ווי געפאַנגען און מיט אַלערלײ מיטעל האָט ער געזוכט מיך צו בערױ־שען, נור ער זעלבסט האָט זיך בעטרונקען און אין זײַן בעטרונקענהײט האָט ער זיך פון מײַנע טרעהרען אויסגע־לאַכט... פערטהײדיגט האָב איך מיר פון איהם מיט דער קראַפט פון אײנער פערצווײפעלטע, שאָן האָבען מיך מײַנע קרעפטען אָנגעפאַנגען צו פערלאַססען, בײַנאַהע בין איך צום אָפּפער געפאַללען, דאַן פלעצליך האָב איך ערבליקט אויפ'ן טיש אײנען דאָלך. . .

**אלע:** אַ דאָלך? . . .

**דינה:** יאָ, דאָס וואַר זײַן אײגענער דאָלך און דערזעלבער שטעקט יעצט אין זײַן ברוסט!...

**אלע:** אָה, וועהע!

**דינה:** יאָ, גבריאליק'ל, דײַנע דינה איז אַ מערדערין! ... (אַלע ערשטוינען).

**גבריאל:** (דריקט איהר צו זיין ברוסט) ניין, ניין! קיינע מערדערין, נור — איין ענגעל דער גערעכטיגקייט!... קניהען לאס מיך פאר דיר ווי פאר איינע היילינגע!... (קניהט) לאס מיך קיססען דיעזע הענדע, וועלכע די בעסטע טהאט פאלל-בראכט האבען (שפרינגט אויף אומארמט איהר) מיינע ביסטו מיין זיססער ענגעל מיין טרייעס ווייב, מיין... מיין... (קיסט איהר. אויפטריט אדריאן, מיליטער, פאריגע אין אויפרעגונג).

**אדריאן:** דא איזט זיא!

**גבריאל:** יא, דא איזט זי די הימלישע גערעכטיגקייט! זי שטראהלט מיט איהרע טוגענד מעהר אלס איינע קעניגין מיט איהרער קראנע!... ווייסט איהר ווער זי איזט? זי איזט מיין עהרליכעס טרייעס ווייבכען!... דינה׳לע!.. (אומארמט זי, פאזיציאן, מיליטער ענטרייסען זיי, אלגעמיינע אויפרעגונג).

**פארהאנג פאלט.**

---

# פיערטער אקט.

א פרייער פלאץ,ביים גערייכט ריכטער, אדריאן, דינה אין קייטען, סאלדאטען, פאלק, א קעסעל פייער).

**אדריאן:** הער ריכטער לאסעט פארלעזען דאס אורטהייל.

**גבריאל:** (הינטער די קוליסען) לאסט מיך צו מיינען אונגליקלי-כען אפפער, לאסט מיך צו מיין דינה׳לע!... (לויפט אריין אומארמט דינה).

**דינה:** מיין גבריאליק׳ל. מיין געליעבטער מאן (וויינט אויף זיין ברוסט).

**גבריאל:** ווער זינד דיעזע אלע? .. ווארום זעהען זי זא שטום, זא בלאס אויס?

**דינה:** מיינע ריכטער!

**גבריאל:** זייט איהר עס איהר טארטען-ריכטער?!.. האבט איהר איין הערץ איהר מארמאר-מענשען?!.. לאסט מיך דאך מיין אהר אין איערען בוזעם לעגען, לאסט מיך הערען אב דארט עטוואס קלאפט!... ווארום ווילט איהר מיין איינ-ציגעס שאפליין צעררייסען?!!.. איהר הונגריגע וועלפע!

אדריאן: פיהרט וועג דעם וואהנזיניגען (סאָלדאַטען ווילען איהם נעהמען).

דינה: ניין! רייסט איהם ניכט וועק פון מיר, פאַר מיינער לעצ־טען שטונדע!.. זעהט איהר דען ניכט וואס דער שמערץ אויס איהם געמאַכט האט? — (מען לאזט איהם אב) מיין טהייערער איינציגער הערצענס־פריינד! ווארום מוס איך אין אַ זאָלכען צושטאנד דיך וויעדערזעהען?!.. וואו איז דיין מוטה? ניין, ווינע ניכט, וואס מאַכט עס אויס, אויב מיך דער הענקער טויטעט אָדער איינע קראַנקהייט? איזט דען ניכט דער טוידט, דער הענקער אַלער מענשען?!.. זיהע מיין טהייערער, איך ציטער ניכט פאַר דעם טוידט, איך בין מוטהיג געפאסט, זאָ זיי דו אויך שטאַרק!.. קום אומאַר־מע דיין ווייב צום לעצטען מאָל!... קיסע דיינע דינה׳לע צום לעצטען מאָל!..

אדריאן: צום טייפעל! ווירד עס ענדליך איינע ענדע נעהמען? גענוג!.. הער אָבערסט, דאס אורטהייל!...

ריכטער: (לעזט) די יודין מיט דעם נאַמען דינה ווירד פאַם געריכט איבער האָכפערראַטה פיר שולדיג ערקלערט, אין דעם זי מיט איינען דאָלך אונזערען הערצאָג ביינאַהע ער־מאָרדעט האט...

גבריאל: ביינאַהע ערמאָרדעט?!... איזט ער אַלזאָ נאָך אים לעבען?!...

דינה: איך דאַנקע דיר גאָט דאס פון בלוט זענען מיינע הענדע ריין, אָבוואָהל ער עס פערדיענט האט.

אדריאן: ניכט אונטערברעכען!

ריכטער: (לעזט ווייטער) און דאס געריכט האט די פערברעכערין פערורטהיילט לעבענדיג אין פייער צו פערברענען...

אדריאן: הענקער! טהוע דיין פפליכט (הענקער נעהמט זי).

גבריאל: נאָך איינע ווייל... איך ביטטע אייך איהר האבט צו שנעל געלעזען... קענט איהר אונס ניכט אפאר מינוטען צו לעגען (הענקער צוריק) דינה׳לע!.. איך האַלט אונטער מיינע קליידער איינען דאָלך פערבאָרגען, איך האַלטע איהם פאַר מיר בערייט, דינה׳לע אומאַרמע מיך נעהם ביי מיר דעם דאָלך, שטעק איהם אריין ראש אין דיין ברוסט אונד זאָ

ענטגעהסטו דעם שרעקליכען טוידט פון פייער...

**דינה:** איך פיהל מיך ניכט מוטהיג גענוג, גבריאליק׳ל קיססע מיך און שטויס מיר דעם דאָלך אין מיין הערץ אונד זאָ וועסטו מיר די זעעלע פון די ליפען וועק קיססען...

**גבריאל:** וואָס פערלאנגסט דו פון מיר? איך זאָל דיר דאָס לעבען נעהמען?!...

**דינה:** איזט מיר דער טוידט פון דיין האנד ניכט זיסער אלס פון דעם הענקערס האנד?... שטארבען מוז איך דאָך זאָ ווי זאָ... ציטער ניכט גבריאליק׳ל! גיעב דו מיר דעם טוידט!

**גבריאל:** איך? מיינע הענד ציטערען, איך ווערדע דיר צו פיעל וועה טהון.

**דינה:** זאָ לאָז מיר קושען דיינע טייערע האנד (קושט) נור מוטה געליבטער מאן טהוע בעפאָר מען רייסט מיך פאָרט פון דיר.

**אדריאן:** נון אָבער איזט עס גענוג! רייסט זי אויס זיינען הענדען!

**גבריאל:** נאָך איינע מינוטע... די לעצטע... די אלער לעצטע... צום לעצטען מאָל... מיין עהרליכעס טרייעס ווייבכען מיט דיעזען לעצטען מיטעל וואָס מיר בלייבט, בעפרייע איך דיך פון דעם אונפערדינטען שרעקליכען הענ־קערס טויט (ציהט דעם דאָלך) דאָרט אויבען בעגעגענען ווירד אונז וויעדער (וויל איהר שטעכען, אויפטריט ד״ר שטויסט אָב גבריאל, זיין דאלך פאלט אראָפ).

**ד״ר:** האלט איין!.. דו אונבעזאָנענער! וואָס ווילסטו טהון?!..

**גבריאל:** איהר האָט זי יעצט דעם שרעקליכען פייער־טוידט איבערגעגעבען.

**ד״ר:** ווער זאָגט עס? ניט דארף איין מענש זיינע האפנונג אויפגע־בען און אפילו דאן וועט דער חלף ליגט איהם אויף זיין האלדז!

**אדריאן:** וואָס וויל דער פערפלוכטער פלאסטער שמירער? הענקער! טהוע דיין פפליכט (הענקער וויל נעהמען דינה).

**ד״ר:** ניכט זאָ ראַש!

**אדריאן:** ווער וואגט עס?

**ד״ר:** איך, ד״ר אברהם, לייבארצט דעם הערצאָג׳ס און אין זיי־נען נאמען קאָמע איך היער אום זי הערר ריכטער, צו פראגען

מיט וועלכעם רעכטע לאסט איהר דיעזעס בלוט אורטהייל פאלציהען? זא לאנגע דער הערצאג עס ניכט בעשטעטיגט האט.

**ריכטער:** דאס אורטהייל איזט בעשטעטיגט, לײדער ליגט אונזער גנעדיגער הערצאג אויף דעם טאדטען בעטטע אונד קאנטע עס ניכט טהון, זא האט עס זיין שטעל־פערטרעטער אונטערשריעבען.

**ד"ר:** אונד ווער איזט דעם הערצאג'ס שטעל־פערטרעטער.

**אדריאן:** איך!

**ד"ר:** ווער האט דיך צום שטעל־פערטרעטער דעם הערצאג'ס געמאכט?

**אדריאן:** חא, חא, חא! — דאס מאכט מיר ווירקליך שפאס? יודע, מאך דאס דו פארטקאמסט זאנסט לאס איך דיר מיט איינע הונדע־בײטשע פארטיאגען.

**ד"ר:** הער ריכטער! אים נאמען דעם הערצאגס אנטוואָרטען זי מיר וואדורך האבען זי דען קערל אלס שטעל־פערטרע־טער אנערקאנט?

**ריכטער:** פארגעצייגט האט ער אונז איינע שריפט פאן דען שטערבענדען הערצאג מיט זיינען זיגעל פערזעהען, און וועלכע ער האט איהם צו דיעזען האהען ראנג ערהאבען.

**אדריאן:** נון יודע, ביסט דו צופריעדען?

**ד"ר:** נאך מעהר אלס צופריעדען (ווענדעט זיך צו אללען) נון זא וויססעט איהר הערען דאס דיעזע שריפט איזט איינע גע־פאלשטע, דען זיגעל האט ער געשטאהלען אונד ער זעלבסט איזט איין שופט, איין דיעב, איין בעטריגער!!!

**אלע:** וואס?!!

**אדריאן:** ערגרייפט דען פערדאמטען יודען!!.. (אויפטריט הערצאג אלס גייסטליכער).

**הערצאג:** (ענטקליידעקט זיך) צוריק זאגע איך! יעדעס ווארט וואס דיעזער יודישער ד"ר האט אויסגעשפראכען איזט הייליג און וואהר? דען דיזעס זעלטענעס טוגענדהאפטעס ווייבכען קאן מיט איהרען אויגען פערוואונדען, אבער ניכט מיט איהרען הענדען. . . יעצט האב איך ערפאה־רען ווער מיין פיינד און ווער מיין פריינד איזט, ערפאה־

רעֶן האַבּעֶ איִך עֶס דורך דיִעזעֶן יורישעֶן ד״ר, וועֶלכֿעֶר מיִר יעֶצט קערפּעֶר און זעֶלעֶ געֶהייֶלט האַט.—ניִמט הערונ־טעֶר די קעֶטעֶן פֿאָן דיִעזעֶס אונשולדיִגעֶס ווייַבּכֿעֶן און פֿעֶסעֶלט דאַמיִט דעֶן וואַהרעֶן שולדיִגעֶן (צייגט אויף אדריאן) פֿאָרט מיִט איִהם! (עס געשיהט).

**ד״ר:** אַדיעֶ האָט איִהנעֶן דעֶר גנעֶדיִגעֶר הערצאָג געֶזאַגט, אַדיעֶ!..

(מען פֿיהרט אדריאן אַוועק)

**הערצאג:** פֿון אייַך בּייִדעֶן האַבּעֶ איִך געֶלעֶרעֶנט וואָס הייִסט עֶס, שטאַרק זייַן, אונד בּייַ גאָט! איִך ווערדעֶ אייַך פֿיִר איִיעֶרעֶ לעֶקציאָן דאַנקבּאַר זייַן.

**גבריאל:** גאָט זעֶגנעֶ אונזעֶרעֶן געֶרעֶכֿטעֶן הערשעֶר.

**אלע:** האָך! האָך! (אויפטריט הינקע פינקע, דער ד״ר שטעלט זיי פֿאָר פֿאַר'ן הערצאג).

**פינקע:** קיִנדעֶר אַהעֶר צו מיִר לאָמעֶר זיִנגעֶן לכבוד דעֶם הערצאָג דאָס וואָס איִך האָבּ אייַן געֶלעֶריִנט נור דייַטש איינס, צווייַ, דרייַ, פֿיִער.

**כאר:** געֶבּעֶנשט זאָלט איִהר זייַן (א. ז. וו.)

פֿאָרהאַנג פֿאַלט.

## ענדע.



(דיעזער צוגעבענע קופלעט ווירד געזונגען אין 3־טען אקט זייטע 50 ווען חינקע געהט אַב און פינקע בלייבט אליין).

איך פיהל מיך אומגליקליך
מיין לעבען האָט עס מיך געקאָסט. . .
איך בין צובראָכען אויף שטיקלעך
זייט מיין הינקע האָט מיך פערלאָזט
איך האָב געגען איהר פערזינדיגט,
חרטה האָב איך גאָר אָהן א שיעור
איך וואָלט מיין לעבען געענדיגט
ווען חינקעלע זאָל קומען צו מיר.

חינקע! קום צו דיין פינקען
אוי, אוי, איך בענק זעהר שטארק נאָך דיר
איך וועל דיר שטאָפּען מיט פעטע זאַכען
ווען דו קומסט צו מיר צוריק
חינקע! דו ביסט מיין וואַהרעס גליק,
איך וועל דיך אין מיין שוים פערוויגען
אַלעס קענסטו ביי מיר קריגען
אבי חינקע קום צו מיר צוריק. (פּאָר בּיס)

עס איז שוין אַ פּאָר מינוט פערפלויגען
זייט איך רוף זי צוריק צו מיר
צו קיין שום זאַך קען איך אָהן איהר ניט טויגען
אוי, עס איז מיר שלעכט אָן אַ שיעור!
איך האָף מיין חינקען צו געפינען,
טאַקע אין אַגוטער שעה
נוואַלד! איך געה אַראָב פון זינען
וואָס טהוט מען חינקעניו!!..
חינקע! קום צו דיין פינקען. א, ז, ו. (פּאָר בּיס)



# קאטאלאג פון די בעסטע נייע טעאטער שטיק.

| | | פרייז קאפ' |
|---|---|---|
| אייבינער יוד, אחשור, | ה. הייערמאנס | 7 |
| אייבינע ליעד, | מ. ארנשטיין | 12 |
| אוריאל אקאסטא. | י. לערנער | 25 |
| אחשורוש. | א. גאלדפאדען | 20 |
| אידישער פריץ. | נ. שייקעוויץ | 20 |
| אלגעמיינער סטרייק, | ה. שטיפט | 15 |
| אמעריקאנער ארביישער | יעקב טער | 10 |
| אשה רעה, | י. לאטיינער | 25 |
| איטשע מאיר צו די וואהלען, | מ. ווידרעוויץ | 6 |
| אסתריקע, | ה. עפעלבערג | 25 |
| באבע מיטן אייניקעל, | א. גאלדפאדען | 20 |
| בית דוד, | ס. האראוויץ | 25 |
| בן הדור. | הורוויץ | 25 |
| בלימעלע. | י. לאטיינער | 25 |
| בר כוכבא, | א. גאלדפאדען | 25 |
| געברידער לוריע, | י. גארדין | 25 |
| גאט מענש און טייפעל. | י. גארדין | 30 |
| דאקטאר אלמאסאדא. | א. גאלדפאדען | 20 |
| דארא, | שליפערשטיין | 25 |
| דברהילע מיוחסת, | י. גארדין | 20 |
| דוד אין דער וויסטע. | ה. עפעלבערג | 20 |
| דודים פידעלע. | י. לאטיינער | 25 |
| דער קאמפף. | ה. שטיפט | 15 |
| הדסה די חלוצה, | ש. בעקערמאן | 25 |
| הערצעלע מיוחס. | מ. ריכטער | 25 |
| דער ווילנער בעל הביתל, | מ. ארנשטיין | 30 |
| ווילדע פרינצעסען. | י. גארדין | 30 |
| דער ווילדער מענש. | י. גארדין | 25 |
| ושידאווקא. | י. לערנער | 25 |
| חאשע די יתומה, | י. גארדין | 30 |
| חינקע און פינקע, | י. לאטיינער | 25 |
| טאטע מאמעס צרות, | ל. געבעל | 20 |
| יהודית און צליפערנעס. | י. לערנער | 20 |
| די יודען, | י. טשיריקאוו | 15 |
| די וועבער, | הויפטמאן | 16 |
| דער הונגער. | ס. יושקעוויטש | 25 |

| | | פרייז קאפ' |
|---|---|---|
| חנוכה, היסטארישע דראמע. | י. לערנער | 25 |
| מאמאן דער געלד-גאט. | י. לאטיינער | 25 |
| קעניג הורדוס, | ד"ר לאנדא | 20 |
| יודישער קעניג ליר. | י. גארדין | 25 |
| די לעצטע השמונאים. | י. ל. וואהלמאן | 25 |
| דער אינטעליגענט, | פרץ הירשביין | 2 |
| גליקס-פערגעסענע, | ד. פינסקי | 7 |
| כישוף מאכערין (צויבערין). | גאלדפאדען | 25 |
| כל נדרי, | א. שארקאנסקי | 20 |
| לא תחמוד, | א. גאלדפאדען | 25 |
| מירעלע אפרת. | י. גארדין | 30 |
| מליץ יושר (רבי יאזעלמאן). | | 20 |
| מעדעא, | י. גארדין | 20 |
| משיח'ס צייטען, | ש. אש | 35 |
| עקדת יצחק, | א. גאלדפאדען | 25 |
| עתליהו. | מ. הורוויץ | 25 |
| פאמיליע צבי. | ד. פינסקי | 12 |
| צווייט און צושפרייט, | שלום-עליכם | 3 |
| צווייטער המן. | נ. שייקעוויץ | 26 |
| קאבצענזאן און הונגערמאן, | א. גאלדפאדען | 20 |
| קוני לעמל, | א. גאלדפאדען | 20 |
| רעפעטיציע, | א. רייזען | 7 |
| שולמית, | א. גאלדפאדען | 25 |
| שוועסטער, | י. ל. פרץ | 15 |
| שלום בית, | מ. ריכטער | 25 |
| שלמה גארגעל, | ס. לאטיינער | 25 |
| שמענדריק, | א. גאלדפאדען | 20 |
| שפאנישע אינקוויזיציע, | נ. שייקעוויץ | 20 |
| חפני ופנחס, | א. שארקאנסקי | 25 |
| משה חייט. | מ. ריכטער | 25 |
| שרה שיינדיל, | י. לאטיינער | 25 |
| זשאן און מאדלענא. | א. מירבא | 20 |
| כאפהא, | י. גארדין | 30 |
| גאט פון נקמה. | ש. אש | 50 |
| שמע ישראל, | דימאוו | 25 |
| קרייצער בענאטץ, | י. גארדין | 25 |

Книжн. маг. „Ясне", Варшава, Дикая 13, Телефонъ № 192,76.

| | | |
|---|---|---|
| איינזאמע וועלטען | פרץ הירשביין | 5 |
| אלישא בן אבויה | י. גארדין | 30 |
| אומבעקאנטער | י. גארדין | 30 |
| ביי נאַכט אויפ'ן אַלטען מאַרק | פרץ | 40 |
| בוסתנאי | א. אויערבאך | 25 |
| דאָם ב־ענעדרע הויז | מ. ל. וואָהלמאַן | |
| נעבראָכענע הערצער | ז. ליבין | 25 |
| נעשעפּט איז נעשעפּט | א. מירבא | |
| „דער בער" און „דער שידוך" | טשעכאָוו | 15 |
| דער גט | שלום־עליכם | 10 |
| דראַמאַטישע ווערק 7 דראמעס | י. פרץ | 50 |
| דזשאן גאבריעל באָרקמאן | איבסען | |
| אַ דאקטאָר | שלום־עליכם | 10 |
| דעמערונג | פרץ הירשביין | 20 |
| די נבלה | פרץ הירשביין | 15 |
| דער מבורף | י. גאָרדין | |
| די ערד | פרץ הירשביין | |
| די שחיטה | י. גארדין | 30 |
| די אמת'ע קראַפט | י. גאָרדין | |
| דער מאן אונטערן טיש | י. לאַטיינער | 10 |
| ווייטע און נאָהענטע | פרץ הירשביין | 12 |
| ווען מיר טויטע ערוואכען | איבסען | |
| חרבן ירושלים | י. לאטיינער | 25 |
| חנה'לע די נייטארין | ז. פיינמאן | 25 |
| די יידישע אַקטיאָרען אויף דער רייזע | א. קאַמינסקי | 15 |
| נאָראַ | ה. איבסען | 30 |
| נאָכן שטרייק | ג. טשורני | 15 |
| פאלקס פיינד | ה. איבסען | 36 |
| פאַר טאָג | א. וויַיטער | 20 |
| עזרא דער עווינער יוד | י. לאטיינער | 30 |
| קאקעטע דאמען | שייקעוויטש | 20 |
| שבת קדש היסט. אָפּערע | ז. פיינמאן | 30 |
| שעהנע מרים | י. גארדין | 30 |

פּאָרטאָ פון יעדען איינצעלנען עקזעמפּליאַר 4 קאָפּ. ביי מעהרערע עקזעמ־פּליארען קאָסט פּאָרטא נור 10 %. קליינע סומען קענען געשיקט ווערען מיט פּאָסטמאַרקעס. גרעסערע בעשטעלונגען ווערט ארויסגעשיקט פּער נאָכנאַהמע נאָכ'ן עמפּפאַנג 25 % האַנדגעלד.

נאָך אויסלאַנד ווערען פּאָסט נאָכנאַהמען ניט אָנגענומען

אין אונזער ספּעציעלע אָבטיילונג „יודישעס טעאַטער ביבליאָטעק" איז צובעקומען, זעמטליכע נאָטען און צענזורקעס צו אַלע טעאַטר שטיקע. דער פּרייז נאָכ'ן ווערט פון שטיק.

!!! בעהאַנדלונג שטרענג רעעל און פּינקטליך !!!

בוכהענדלער ביבליאָטעקען און אַרטיסטען גרויסען ראַבאַט.

Кн. маг. Издательства „ЯВНЕ" Варшава, Дикая № 13
Телефонъ 192-76

